## רולס פון די לייברערי

1. קיינער קען ניט בעקומען מעהר ווי איין בוך אויף א מאָהל.
2. דער בוך מוז געהאלטען ווערען אין בעסטען ארדער.
3. קיין בוך טאר ניט געהאלטען ווערען מעהר ווי 2 וואכען.
4. אם ענדע פון די 2 וואָכען מוז דער בוך צוריקגעבראכט ווערען אדער קריגען ערלויבניס פון לייברערי אויף נאך 2 וואָכען.
5. ווען יעמאנד האלט א בוך מעהר ווי 2 וואכען, דאן מוז געצאהלט ווערען 5 סענט, פיר יעדע וואָך עקסטרא.
6. ווען דער בוך ווערט פערלארען, צוריסען אדער פערשמוצט, מוז דער פערזאן דעם פולען ווערט פון בוך בעצאהלען.

פאלגענדע אבענדען זיינען צו בעקומען ביכער:
מאנטאג, דינסטאג, מיטוואָך, דאנערשטאג און פרייטאג, פון 8 ביז 10 אבענדס, און זונטאג פון 10 ביז 12 מאָרגענס.


Central Printing Co. 409 Central Ave.




פערלאג „די װעלט"

# די מלוכה־ארדנונג.

אין

# מערב־אײראפּע, אױסטראַ־ליען, יאפּאן און די פּער־אײניגטע שטאאטען פון צפון־אמעריקע.

ענגלאנד, אױסטראליען, דײטשלאנד, פּרײסען, עסטרײך־אונגארן,
בעלגיען, האלאנד, שװעדען, נארװעגען, דענעמארק,
פראנקרײך, שװײץ, איטאליען, שפּאניען, פּארטו־
גאל, סערביען, רומעניען, גריעכענלאנד,
פעראײניגטע שטאאטען פון צפון־
אמעריקע, יאפּאן.

מיט א געאגראפישער קארטע

פון אײראפּע.




Государственный строй въ Западной Европѣ,
Австраліи, Японіи и Сѣверо-Американскихъ Соед. Шт.



1907.

# אינהאלט.

זייטע





# צוּ דִי לֶעזֶער.

מִיט דֶעם בִּיכֶעל הָאבֶּען מִיר זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט פַאר אַ צִיעל — קוּמֶען צוּ הִילְף אַזוֹינֶע לֶעזֶער, וועלכֶע הָאבֶּען נִיט קֵיין צַייט אוּן קֵיין מֶעגְלִיכְקַייט צוּ לֵייֶענֶען דִי גֶעשְׁרִיבֶּענֶע קָאנְסְטִיטוּצִיֶעס ווִי אוֹיךְ דִי בִּיכֶער, אִין וועלכֶע עֶס ווערט גֶענוֹי גֶעשִׁילְדֶערְט דִי מְלוּכָה־אָרְדְנוּנְג פוּן דִי קָאנְסְטִיטוּצִיאָנֶעלֶע לֶענְדֶער (ווִיפִיעל אוּנְז אִיז בֶּעקַאנְט, אִיז אוֹיף אִידִישׁ כִּמְעַט ווִי נִיטָא אַזוֹינֶע ווערק). אוּנְזֶער בִּיכֶעל קֶען צוּנִיץ קוּמֶען אוֹיךְ פַאר דִי, וועלכֶע הָאבֶּען יֶע אַ בֶּעגְרִיף ווֶעגֶען דִי קָאנְסְטִיטוּצִיֶעס פוּן פֶערְשִׁידֶענֶע מְלוּכוֹת, נָאר וועלכֶע דַארְפֶען זִיךְ אוֹיף גִיךְ עֶרְקוּנְדִיגֶען ווֶעגֶען דֶעם אָדֶער יֶענֶעם פְּרַט. אִין דֶעם זִין קֶען דָאס דִיעֶנֶען פַאר אַ הִילְפְס־בּוּךְ, בֶּעזוּנְדֶערְס בַּייַם לֵייֶענֶען צַייטוּנְגֶען אוּן זשׁוּרְנַאלֶען.

מִיר הָאבֶּען אִין דֶעם בִּיכֶעל הוֹיפְּטְזֶעכְלִיךְ אַרַייְנְגֶעשְׁטֶעלְט נָאר דָאס, וואָס ס'גֶעפִינְט זִיךְ אִין דִי גֶעשְׁרִיבֶּענֶע קָאנְסְטִיטוּצִיֶעס, ווִי אוֹיךְ דָאס, וואָס ס'אִיז שׁוֹין אַזוֹי פֶעסְט אַייְנְגֶעוואָרְצֶעלְט אִין דֶער פְּרַאקְטִיק, אַז עֶס הָאט דִי זֶעלְבִּיגֶע בֶּעדַייטוּנְג, ווִי אַ גֶעשְׁרִיבֶּענֶע קָאנְסְטִיטוּצִיֶע (לְמָשָׁל — דֶער פַּארְלַאמֶענְטַארִיזְם אִין עֶנְגְלַאנְד). מֶען דַארְף אָבֶּער נִיט פֶערְגֶעסֶען, אַז נִיט אַלְצְדִינְג, וואָס עֶס שְׁטֶעהְט אִין דִי גֶעשְׁרִיבֶּענֶע קָאנְסְטִיטוּצִיֶעס, ווערט עֶרְפִילְט אִין לֶעבֶּען, אוּן פֶערְקֶעהְרְט — נִיט אַלְצְדִינְג, וואָס ס'פְּרַאקְטִיקִירְט זִיךְ אִין לֶעבֶּען, גֶעפִינְט זַיין אוֹיסְדְרוּק אִין דֶער גֶעשְׁרִיבֶּענֶער קָאנְסְטִיטוּצִיֶע. דִי מְלוּכָה־אָרְדְנוּנְג — דָאס אִיז דֶער פּוֹעֵל־יוֹצֵא פוּן אַ קַאמְפְּף צווִישֶׁען פֶערְשִׁידֶענֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע קְלַאסֶען. דִי קֶעמְפְּפֶענְדֶע קְרֶעפְטֶען בְּלַייבֶּען אָבֶּער נִיט שְׁטֶענְדִיג גְלַייךְ, אוּן ווֶעדְלִיג עֶס בַּייטֶען זִיךְ דִי בֶּעצִיהוּנְגֶען צווִישֶׁען זֵיי — בַּייט זִיךְ אוֹיךְ גֶעווִיסֶערְמַאסֶען דִי אָרְדְנוּנְג פוּן דֶער מְלוּכָה, לְטוֹבַת דִי אָדֶער יֶענֶע קְלַאסֶען. דִי קָאנְסְטִיטוּצִיֶע, דִי גֶעשְׁרִיבֶּענֶע, דְרִיקְט אוֹיס דִי בֶּעצִיהוּנְג צווִישֶׁען דִי גֶעזֶעלְשַׁאפְטְלִיכֶע קְרֶעפְטֶען אִין אַ בֶּעשְׁטִימְטֶען הִיסְטָארִישֶׁען מָאמֶענְט — לְכָל הַפָּחוֹת אִין דֶעם מָאמֶענְט, ווֶען זִי אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען גֶעוואָרֶען. דָאס לֶעבֶּען שְׁטֶעהְט אָבֶּער נִיט, אוּן מִיט אִיהְם צוּזַאמֶען בְּלַייבְּט נִיט שְׁטֶעהְן אוֹיף אֵיין אָרְט אוֹיךְ דִי אָרְדְנוּנְג פוּן דֶער מְלוּכָה.

דֶערְפוּן נֶעהְמְט זִיךְ, אַז אִין פֶערְשִׁידֶענֶע קָאנְסְטִיטוּצִיֶעס גֶע-

פֿינען מיר אָפֿט איינע און די זעלבע פּונקטען און אין לעבען ווע־רען די דאָזיגע פּונקטען פֿערווירקליכט אויף זעהר פֿערשידענע אופֿנים. דערפֿון נעהמט זיך אויך, אַז אין איין מלוכה געפֿינען מיר אַ געוויסען פּונקט בפּירוש אויסגעטייטשט אין דער קאָנסטיטוציע און אין לע־בען ווערט ער ניט ערפֿילט, און אין אַנ'אַנדער מלוכה ווערט דער דאָזיגער פּונקט זעהר ברייט פּראַקטיקירט אין לעבען, הגם אין קאָנ־סטיטוציע שטעהט ער ניט.

עס איז קלאָר דעריבער, אַז אויב מיר שילדערן דאָ די אָרד־נונג פֿון פֿערשידענע מלוכות הויפּטזעכליך אַזוי, ווי זי איז פֿעסט־געשטעלט אין די געשריבענע קאָנסטיטוציעס, קענען מיר קיין פֿאָלקאָם גענויעס בילד ניט געבען. עס קענען נאָר אָנגע־וויזען ווערען די וויכטיגסטע שטריכען, די אַלגעמיינע. מיר האָבען זיך פֿונדעסטוועגען בעגנוגענט מיט אַזאַ פֿאָרם, כּדי דאָס ווערק זאָל ניט אַרויסקומען צו גרויס און ניט אָנווערען דעם כאַראַקטער פֿון אַ הילפֿס־בוך.

אינ'ם גרונד פֿון דעם ווערק ליגען די אַזוי־גערופֿענע „פֿער־גלייכונגס־טאַבעלען פֿון די קאָנסטיטוציעס“, וועלכע זענען אַרויסגע־גאַנגען אין דער רוסישער און פּוילישער שפּראַכען. מיר האָבען דעם מאַטעריאַל אומגעאַרבייט, אויסגעבעסערט, אין זעהר פֿיעלע ערטער צוגעגעבען נייע ידיעות, וועלכע האָבען אין די טאַבעלעס ניט געקענט געפֿינען קיין פּלאַץ, מחמת יענע מוזען זיין קורץ און אָבגעהאַקט.

דאָס ביכעל קען מען לייענען אָדער נאָכאַנאַנד — די קאָנ־סטיטוציע פֿון יעדער מלוכה פֿון אָנהויב ביז'ן סוף, אָדער שטיק־לעכווייז — איין פּונקט אין פֿערשידענע קאָנסטיטוציעס. אויב דער לעזער וויל, למשל, פֿערגלייכען די פֿונקציעס פֿונ'ם מיניסטאָרען־קאַ־בינעט אין פֿערשידענע מלוכות, דאַרף ער נאָר לייענען דעם פּונקט 6 אין ענגלאַנד, אויסטראַליען און ז. וו. צוליעב דעם האָבען מיר די גלייכע פּונקטען אין אַלע קאָנסטיטוציעס בעצייכענט מיט גלייכע ציפֿערן. צוליעב דעם זעלבען ציעל האָבען מיר אויך צוגעגעבען אויפֿ'ן סוף אַ רעגיסטער צום פֿערגלייכען.

---

די פֿאָלגענדע רעכטען און פֿליכטען בעגעגענען מיר אין אַלע קאָנסטיטוציאָנעלע מלוכות (אויסנאַהמען פֿון זיי זענען בעצייכענט אין די איינצעלנע קאָנסטיטוציעס).

אונבערירהרבאַרקייט פֿון פּערזאָן. דער געריכט טאָר ניט אַרעסטירען אַ בירגער אַנדערש, ווי אין דער פֿאָרם, וועל־






כע איז בעשטימט אין געזעץ. אָהן דער פֿעראָרדנונג פֿון דעם געריכט טאָר מען קיינעם ניט אַרעסטירען.

אונבערירבאַרקייט פֿון וואָהנונג און איינגענטהום.

פרעס־פֿרייהייט. קיין צענזור איז ניטאָ. פֿאַר פרעס־פֿערברעכען ווערט מען געמשפּט אין די געוועהנליכע געריכטען.

געוויסענס־פֿרייהייט. יעדער מעג געהערען צו וואָס פֿאַר אַ רעליגיאָן ער וויל.

בעשעפֿטיגונגס־פֿרייהייט. יעדער בירגער מעג זיך בעשעפֿטיגען מיט אַלצדינג, וואָס ס'איז ניט פֿערוועהרט פֿון געזעץ.

אַלע בירגער זענען גלייך פֿאַר'ן געזעץ. די שטראָף־געזעצען זענען גלייך פֿאַר אַלע, אָהן אונטערשיעד פֿון נאַציע, רעליגיאָן, שטאַנד, קלאַס און בילדונג.

די פֿרויען האָבען ניט ניט קיין פּאָסיזוע, ניט קיין אַקטיווע וואַהל־רעכט אין פּאַרלאַמענט, אַחוץ די פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿון אויסטראַליען און איינינע שטאַאַטען פֿון צפֿון־אַמעריקע.

די מיליטער־פּפֿליכט ליגט אויף אַלע דערוואַקסענע מאַנספֿערזאָנען: אַלע זענען מחויב געהן דיענען אָדער אין מיליטער, אָדער אין מיליציע — אַחוץ ענגלאַנד און איהרע קאָלאָניעס און אין די פֿעראייניגטע שטאַאַטען פֿון אַמעריקע, וואו די סאָלדאַטען זענען געדונגענע.

דער מאָנאַרך איז אין ערגעץ ניט פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר זיינע מעשים. ער פֿערנעהמט זיין שטעל בירושה. אַ פֿעראָרדנונג פֿונ'ם מאָנאַרך אָדער פּרעזידענט האָט אַ כח ניט אַנדערש, ווען זי איז אונטערגעשריבען (קאָנטראַסיגנירט) פֿון איינעם אָדער אַלע מיניסטאָרען.

אַ מיטגליעד פֿון פּאַלאַטע טאָר ניט ווערען אַרעסטירט אָהן איהר הסכם. מען טאָר איהם ניט משפּט'ן פֿאַר זיינע רעדעס אין פּאַלאַטע. זיין אַ מיטגליעד אין איין צייט אין ביידע פּאַלאַטעס טאָר מען ניט. אויף די זיצונגען פֿון די פּאַלאַטעס מעגען די מיניסטאָרען נעהמען דאָס וואָרט; בעטייליגען זיך אין דער אָבשטימונג קענען זיי נאָר, אויב זיי זענען מיטגליעדער פֿון דער פּאַלאַטע. דער מאָנאַרך געפֿינט זיך קיינמאָל ניט אויף די זיצונגען פֿון דער פּאַלאַטע. די זיצונגען פֿון די פּאַלאַטעס זענען עפֿענטליכע.

יעדע פּאַלאַטע בעטראַכט אַליין, צו זענען איהרע דעפּוטאַטען ריכטיג אויסגעקליבען. אַ פֿאָרלאַגע, וועלכע די פּאַלאַטע אָדער

דער ראש פֿון דער מלוכה האָט ניט אָנגענומען, טאָר מען ניט דע־באַטירען נאָך אַ מאָל אין דער זעלביגער סעסיע. דער געזעץ האָט ניט קיין קראַפֿט אויף צוריק, דאָס הייסט: מען טאָר ניט בע־שטראָפֿען פֿאַר אַזוינע מעשׂים, וועלכע זענען געגען געזעץ, נאָר וועלכע זענען געטהאָן געוואָרען איידער דער געזעץ איז אַרויסגעגעבען געוואָרען (אַ יוצא מן הכלל איז אין ענג־לאַנד דער געזעץ וועגען אַראָבנעהמען די פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון די מיניסטאָרען. זעה: ענגלאַנד, פּונקט 7).

---

מיר געפֿינען פֿאַר נויטיג צו פֿערטייטשען איינינע ווערטער, וועלכע ווערען בענוצט אינ׳ם ביכעל און וועלכע מיר האָבען אין טעקסט ניט פֿערטייטשט.

אַבסאָלוטע מעהרהייט פֿון שטימען—מעהר איידער אַ העלפֿט שטימען (למשל 41 פֿון 81 שטימען).

איניציאַטיוו־רעכט—דאָס רעכט פֿאָרצולעגען די פּאַלאַטעס אויף אַרומצוקלערען פּראָעקטען פֿון געזעצען.

אַקטיווע וואַהל־רעכט—דאָס רעכט אָבצוגעבען ביי די וואַה־לען אַ שטים פֿאַר אַ קאַנדידאַט.

דיעטע—געהאַלט, וועלכע ס׳בעקומען די דעפּוטאַטען.

וועטאָ־רעכט—דאָס רעכט פֿונ׳ם ראש פֿון דער מלוכה אָבצו־זאָגען זיך פֿון צו געבען זיין הסכמה אויף אַ געזעץ, וועל־כען דער פּאַרלאַמענט האָט אויסגעאַרבייט.

סעסיע (פֿונ׳ם פּאַרלאַמענט)—די צייט, ווען דער פּאַרלאַמענט איז אָפֿען אַלע יאָהר.

עקזעקוטיווע מאַכט—די מאַכט, וועלכע פֿיהרט דורך אין לע־בען די אַרויסגעגעבענע געזעצען און תקנות.

פּאַסיווע וואַהל־רעכט — דאָס רעכט אויסגעקליבען צו ווערען פֿאַר אַ דעפּוטאַט.

פּאָליטישע פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון די מיניסטאָ־רען—אַ מנהג, לויט וועלכען די מיניסטאָרען גיבען אָן אין דעמיסיע, אויב די פּאַלאַטע דריקט זיי אויס איהר אונצופֿרידענהייט.

פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון די מיניסטאָרען פֿאַר׳ן געריכט—אַ געזעץ, לויט וועלכען דער מיניסטער קען גע־משפּט ווערען פֿאַר די פֿערברעכען, וועלכע ער איז בעגאַנגען

אַלס מינִיסטער. אין גֶעזעץ איז שטענדיג אויסגעטייטשט, אין וואָס פֿאַר אַ געריכט עס דאַרף געמשפּט ווערען דער מיניסטער.

ציוויל־ליסטע — די סומע, וועלכע די מאָנאַרכען און זייערע פֿאַמיליען, ווי אויך די פּרעזידענטען פֿון די רעפּובליקען בעקומען יעדעס יאָהר.

רעלאַטיווע מעהרהייט פֿון שטימען — די גרעסטע פֿון דער צאָהל שטימען, וועלכע יעדער קאַנדידאַט האָט בעקומען. זי קען זיין אויך קלענער ווי אַ העלפֿט שטימען. (למשל 60 שטימען זענען אָבגעגעבען פֿאַר 3 קאַנדידאַטען: איינער האָט בעקומען 18, דער אַנדערער 20, דער דריטער 22; דער לעצטער האָט בעקומען אַ רעלאַטיווע מעהרהייט פֿון שטימען — אין פֿערגלייך מיט די איברינע, הגם ער האָט ניט בעקומען די מעהרהייט פֿון אַלע אָבגעגעבענע שטימען).

ווילנא. 1907.

פֿערלאַג „די וועלט“.



# ענגלַאנד.

## אַ קָאנְסְטִיטוּצִיאָנֶעלֶע מָאנַארְכִיע.

### 1. וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע.

ענגלאַנד האָט נִיט קַיין געשריבענע קאָנסטיטוציע. די קאָנסטיטוציע איז דאָ אַ סך־הכל פֿון איינצעלנע אַקטען און אָנגענומענע מנהגים. די ווִיכטיגסטע קאָנסטיטוציאָנעלע אַקטען שטאַמען פֿון די יאָהרען: 1215, 1297, 1628, 1689, 1701 און 1816. די וויכטיגסטע קאָנסטיטוציאָנעלע מנהגים און פֿאָרמען װענען אַיינגעפֿיהרט געוואָרען אין די יאָהרען, ווען גענעראַל דער פֿיערטער האָט געקעניגט (פֿון 1820 ביז 1830). אַזוי ווי קיין געשריבענע קאָנסטיטוציע איז ניטאָ, דעריבער ווייסט ניט דאָס ענגלישע מלוכה־רעכט פֿון דעם בעגריף: איבערקוקען די קאָנסטיטוציע. דער פּאַרלאַמענט האָט דאָס רעכט אויף׳ן געוועהנליכען שטייגער אומצובייטען אַלע עקזיסטירענדע תקנות און רעכטען.

### 2. די רעכטען פֿון די בירגער.

אין ענגלאַנד איז די אונבעריהרבארקייט פֿון פּערזאָן גאַראַנטירט אין אַלע צוויַיגען פֿונ׳ם פּאָליטישען, געזעלשאַפֿטליכען און פּריוואַטען לעבען. עס עקזיסטירט אונבעריהרליכקייט פֿון אייגענטהום, פֿרייהייט פֿון וואָרט, פֿון געוויסען, פֿון פֿעראַיינען, פֿרייהייט פֿון פֿערזאַמלונגען סיי אין געבייַדען, סיי אונטער׳ן פֿרייען הימעל. מען מאָר נִיט אַרייַנשטעלען צו קיינעם קיין סאָלדאַטען אויף קוואַרטיר אָהן דער הסכמה פֿון דעם בעל־הבית פֿון קוואַרטיר. ווען אַ בירגער קלאָגט אימיצען אָן פֿאַר׳ן געריכט, טאָר מען ניט לאָזען זיין אָנקלאָגע ניט בעטראַכט אָדער זי אָבלעגען אויף שפּעטער.

### 3. די רעכטען פֿון דעם ראש (עלטסטען) אין דער מלוכה.

ס׳איז דאָ אַנ׳אַלטער כלל: „דער קעניג קעניגט, נאָר ער הערשט ניט“. די אַלע רעכטען פֿונ׳ם קעניג, וואָס װענען אויסגערעכענט ווײַ־

טער, זענען מיט דער צייט איבערגעגאַנגען צו דער פּאַלאַטע פֿון די געמיינדעס, (די אונטערשטע פּאַלאַטע), אָדער צו די מיני־סטאָרען, וועלכע קענען אָבער אויך גאָרנישט טהאָן אָהן דעם רשות פֿון דער פּאַלאַטע. דער קעניג בעשטימט די מיטגליעדער פֿון דער לאָרדען־פּאַלאַטע (די אויבערשטע פּאַלאַטע) און די מיניסטאָרען. דער קעניג איז דער ראש פֿון דער אַדמיניסטראַציע. דער קעניג רופֿט צונויף און לאָזט פֿאַנאַנדער די פּאַלאַטעס און לעגט אָב זיי־ערע זיצונגען. דעם קעניג געהערט דאָס וועטאָ־רעכט, נאָר ס'איז אַ מנהג, אַז ער נוצט דאָס דאָזיגע רעכט קיינמאָל ניט אויס. דער קעניג איז דער פֿאָרשטעהער פֿון דער מלוכה פֿאַר די איבריגע מלוכות, ער ערקלערט מלחמה, שליסט שלום, שליסט טראַקטאַטען (אָבמאַכונגען) מיט די איבריגע מלוכות. ער האָט דאָס רעכט אי־בערצופֿיהרען אַ געוועהנליכען בירגער אין דעם שטאַנד פֿון די אַדע־ליגע.

## 4. די פּאַלאַטעס.

די פּאַלאַטע פֿון די געמיינדעס (די אונטערשטע פּאַלאַטע) ווערט צוזאַמענגעשטעלט פֿון אויסגעקליבענע דעפּוטאַטען. דאָס וואַהל־רעכט, לויט וועלכען עס ווערען געקליבען די דעפּוטאַ־טען, איז ניט אַלצאַיינס פֿאַר אַלע ערטער און איז זעהר פֿערווי־קעלט. וואַהל־רעכט האָט 1) יעדער, ווער ס'פֿערמאָגט אין דאָרף אַ שטיקעל ערד, וואָס ברענגט איהם הכנסה יעדעס יאָהר ניט וועניגער פֿון 5 פֿונט שטערלינג, אָדער ווער ס'האָט אין אַרענדע אין דאָרף אַ שטיקעל ערד, פֿאַר וועלכע ער צאָהלט אַלע יאָהר לכל הפּחות פֿון 2 ביז 50 פֿונט שטערלינג אַרענדע־געלד; 2) יעדער, ווער עס פֿערמאָגט אָדער ס'דינגט אין שטאָדט אַ הויז אָדער אַ דירה אָדער אַנ'אַנדער נהלה, וועלכע ברענגט הכנסה יעדעס יאָהר ניט וועניגער פֿון 10 פֿונט שטערלינג; 3) יעדער, ווער ס'פֿערנעהמט אַ גאַנצע זעלבסטשטענדיגע דירה און צאָהלט פֿאַר איהר פּאָדאַטקעס לטובת די אָרימע לייט, 4) ווער ס'פֿערנעהמט אַפֿילו ניט קיין זעלבסטשטענ־דיגע דירה, נאָר ער צאָהלט פֿאַר קוואַרטיר ניט וועניגער פֿון 10 פֿונט שטערלינג אַ יאָהר. וואַהל־רעכט האָבען ניט די בירגער, וואָס זענען איגגער פֿון 21 יאָהר (אין לאָנדאָן 20), די, וואָס לעבען פֿון קצבה און די, וואָס האָבען פֿערלאָרען זייערע בירגערליכע רעכטען לויט דעם פּסק־דין פֿון געריכט.

ס'איז פֿאַראַן אַחוץ דעם אין פֿיעלע שטעדט אַזוינע אײַנוואָה־נער, וואָס האָבען וואַהל־רעכט ניט אַלס אייגענטהימער אָדער קוואַר־

טיראַנטען, נאָר צוליעב געוויסע פּריווילעגיעס און אַלט־פֿרענקישע תּקנות (למשל די מיטגליעדער פֿון געוויסע חבֿרות, וואָס צאָהלען ספּעציעלע פּאָדאַטקעס און ז. וו.). די אוניווערזיטעטען שיקען אויך זייערע בעזונדערע דעפּוטאַטען. איין וועהלער קען אָבשטימען עטליכע מאָל אין פֿערשיעדענע וואַהל־בעצירקען, אויב ער האָט אַ צענז (אייגענטהום, אַרענדע און ז. וו.) אין יעדען פֿון די בעצירקען. די וואַהלען ווערען געמאַכט אויפֿ'ן גרונד פֿון אַנ'איינפֿאַכער מעהרהייט פֿון שטימען. אויסגעקליבען ווערען פֿאַר אַ דעפּוטאַט קען יעדערער. אַ מיטגליעד פֿון דער פּאַלאַטע טאָר ניט זיין אין דער זעלבער צייט קיין בעאַמטער. די פּאַלאַטע פֿון די געמיינדעס ווערט אויסגעקליבען אויף 7 יאָהר. יעדע פּאַלאַטע האָט דאָס רעכט אַליין צו פֿער'משפּט'ן אויף טורמע יעדען, ווער עס האָט זי בעליידיגט.

די לאָרדען־פּאַלאַטע. דער קעניג האָט דאָס רעכט צו בעשטימען אַנ'אונבעגרענצטע צאָהל מיטגליעדער אין פּאַלאַטע פֿון די לאָרדען. די מיטגליעדערשאַפֿט געהט ביי די לאָרדען איבער בירושה פֿונ'ם פֿאָטער צום זון. די פּערען פֿון ענגלאַנד און איעלס געהען אַריין אין דער לאָרדען־פּאַלאַטע אויפֿ'ן גרונד פֿון זייערע ספּעציעלע רעכטען. די פּערען פֿון אירלאַנד קלייבען אויס אויף 7 יאָהר 28 פֿאָרשטעהער, די פּערען פֿון שאָטלאַנד — 16. 26 גלחים זיצען אין דער לאָרדען־פּאַלאַטע אויפֿ'ן גרונד פֿון זייער אַמט. די יוריסטען שיקען אין דער לאָרדען־פּאַלאַטע 4 פּערען.

## 5. די קאָמפּעטענץ פֿון די פּאַלאַטעס.

די פּאַלאַטעס האָבען געזעצגעבענדע איניציאַטיוו. אָהן דעם הסכּם פֿון די פּאַלאַטעס טאָר די רעגירונג ניט אַרויסגעבען קיין שום געזעצען, ניט אַרויפֿלעגען קיין פּאָדאַטקעס, ניט אָנהויבען קיין מלחמה (סיידען ס'האָט איהר ערקלערט די מלחמה אַנ'אַנדערע מלוכה און מען דאַרף זיך פֿערטהיידיגען), ניט נעהמען קיינע רעקרוטען אין דער צייט פֿון שלום. אויב די פּאַלאַטעס קומען אין אַ צוזאַמענשטוים צווישען זיך, איז דער מנהג, אַז ס'גיט נאָך די פּאַלאַטע פֿון די לאָרדען, וויל דער קעניג קען בעשטימען אַ געוויסע צאָהל נייע לאָרדען, וועלכע האַלטען מיט דער פּאַלאַטע פֿון די געמיינדעס. דער בודזשעט, וועלכען די רעגירונג שטעלט צו יעדעס יאָהר, ווערט אַרומגעקלערט און אויסגעבעסערט אין דער פּאַלאַטע פֿון די געמיינדעס; נאָכדעם שיקט זי איהם אין דער לאָרדען־פּאַלאַטע. די לעצטע דאַרף איהם אָדער אָננעהמען אינגאַנצען, ווי ער

איז, אָדער ניט אָננעהמען; מאַכען אין איהם אומענדערונגען טאָר זי ניט. אַלע יאָהר בעשטעטיגען די פּאַלאַטעס דעם „אַקט וועגען אַ בונט“, — אַזאַ תקנה, לויט וועלכער די רעגירונג בעקומט די מעגליכקייט צו האַלטען אַ שטענדיגע אַרמעע.

### 6. דער מיניסטאָרען־קאַבינעט.

מיניסטאָרען מעגען נאָר זיין די מיטגליעדער פון די פּאַלאַטעס. אויב די פּאַלאַטע פון די געמיינדעס גיט אַרויס דירעקט אָדער אומדירעקט אַ וואָטום פון אונצוטרוי צו די מיניסטאָרען, מוזען זיי פערלאָזען זייער שטעל. (דער צוטרוי פון דער לאָרדען־פּאַלאַטע האָט ניט קיין בעדייטונג פאַר די מיניסטאָרען). דאָס מיניסטעריום האָט פונדעסטוועגען דאָס רעכט צו פאַנאַנדערלאָזען די פּאַלאַטע, וועלכע האָט געפּאָדערט זיין דימיסיע, און אויף אַזאַ אופן זיך ווענדען דירעקט צו די וועהלער. די נייע וואַהלען בעשטימען שוין ענדגילטיג, צו דאַרפען די מיניסטאָרען אַוועקגעהן, צו ניט. דאָס מיניסטעריום האָט אין זיינע הענד די גאַנצע עקזעקוטיווע מאַכט. פאַר אונטער־התמ׳נען (קאָנטראַסיגנירען) אַזוינע אַקטען פונ׳ם קעניג, וועלכע זענען עובר אויף דער קאָנסטיטוציע, זענען די מיניסטאָרען פעראַנטוואָרטליך פאַר׳ן משפט.

### 7. פינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי, געריכט, קירכע, ביל־דונג, אויטאָנאָמיע.

די הכנסות פון דער מלוכה בילדען 1) פּאַראַטקעס, וואָס דער פּאַרלאַמענט בעשטימט זיי אויף אַ לענגערע צייט, און 2) פּאָראַטקעס, וואָס דער פּאַרלאַמענט בעשטימט אויף אַ יאָהר. אי די, אי יענע פּאָראַטקעס ווערען צונויפגעזאַמעלט אין ענגלישען באַנק. פון דאָרט ווערט אַרויסגעגעבען, אונטער׳ן קאָנטראָל פונ׳ם גענ.־קאָנטראָלער, און אויפ׳ן גרונד פון די פּאַרלאַמענטס־בעשטימונגען, אַ געוויסע, גענוי אויסגערעכענטע סומע געלד אין די הענד פון דער רעגירונג. דער גענעראַל־קאָנטראָלער קען ווערען אָבגערופען פון זיין שטעל נאָר לויט די פּאָדערונג פון די פּאַלאַטעס. דער גענעראַל־קאָנטראָלער שטעלט צו יעדען יאָהר אין דער פּאַלאַטע פון די געמיינדעס אַ גענויעס חשבון וועגען דעם אויסגעגעבענעם געלד.

עס עקזיסטירט אין ענגלאַנד אַ מיליציע און אַ שטענדיגע

אַרמעע; אין דער שטענדיגער אַרמעע פֿערשרײַבען זיך די בירגער, װער עס װיל, פֿריײַװיליג; קײן הױב צו דיענען אין דער שטענדיגער אַרמעע איז אין ענגלאַנד ניטאָ. פֿערװאַלטען איבער דער אַרמעע קען די רעגירונג אויף'ן גרונד פֿון דעם „אַקט װעגען אַ בונט"; דער דאָזיגער אַקט פֿערפֿפֿליכטעט די סאָלדאַטען צו פֿאָלגען די מיליטער־דיסציפּלין, אַז ניט װעלען זיי װערען בעשטראָפֿט. פֿאַר אַלע פֿער־ברעכען, װאָס די מיליטער־לײַט בעגעהען, אַחוץ פֿערברעכען געגען מיליטער־דיסציפּלין, װערען זיי איבערגעגעבען צום געװעהנליכען ציװילגעריכט (פֿערברעכען געגען מיליטער־דיסציפּלין װערען גע־משפּט אין מיליטער־געריכט). דער בעפֿעהל פֿון אַנעלטערן בעפֿרײַט ניט די מיליטער־לײַט פֿון צו זײַן פֿעראַנטװאָרטליך פֿאַר דעם, װאָס זיי טהוען. דער געװעהנליכער ציװיל־געריכט האָט דאָס רעכט צו אָבהאַלטען אויף אַ צײַט דעם פּראָצעס אין די מיליטער־געריכטען, קאָנטראָלירען און אָבשאַפֿען זייער פּסק־דין. די מיליציע דאַרף פֿאָל־גען אַלע מיליטער־געזעצען נאָר אין דער צײַט פֿון „אויטשעניע" (װען מען לערנט זיך די מיליטער־קונסט) און אין אויסערגעװעהנליכע פֿאַלען, װען די גאַנצע מיליציע װערט גערופֿען צו נעהמען זיך פֿאַר'ן געװעהר. די מיליציע טאָר ניט װערען אַרויסגעפֿיהרט אויסער די גרענצען פֿון דער מלוכה.

דער פּאַרלאַמענט קען אָבשטעלען אויף אַ צײַט די װירקונג פֿון דעם אַקט „האַבעאַס קאָרפּוס" (װעגען אונבערירהרליכקײַט פֿון פּערזאָן) און בעשאַפֿען אויף אַזאַ אופֿן אַנ'אויסערגעװעהנליכען צו־שטאַנד אין לאַנד. אָבשטעלען דעם „האַבעאַס קאָרפּוס" טאָר מען ניט מעהר װי אויף אַ יאָהר. װען דער אַקט װערט צוריק איינגע־פֿיהרט, דאַרף דער פּאַרלאַמענט געװעהנליך אַרויסגעבען אין דער זעלבער צײַט נאָך אַנ'אַקט װעגען בעפֿרײַען די מיניסטאָרען פֿון צו זײַן פֿעראַנטװאָרטליך פֿאַר די מעשים, װאָס זיי האָבען עובר געװען אויף דער קאָנסטיטוציע אין דער צײַט פֿון אויסערגעװעהנליכען צו־שטאַנד, װען דער „האַבעאַס קאָרפּוס" איז געװען אָבגעשטעלט.

די אויטאָנאָמע קאָלאָניעס פֿון ענגלאַנד זענען כמעט אונאָב־העניג פֿון זייער מעטראָפּאָליע, זינט די ענגלישע מאַכט האָט זיי געגעבען אַ קאָנסטיטוציע. דער גובערנאַטאָר, װעלכען דער ענגלישער קעניג בעשטימט אין יעדער קאָלאָניע, האָט אין אמת'ן ניט קיין שום פּאַקטישע מאַכט און ער שרײַבט נאָר אונטער לפֿנים די בעשטימונ־גען פֿון דעם קאָלאָניאַלען פּאַרלאַמענט. צום קעניג אויף צו בעשטעט־טיגען שיקט דער גובערנאַטאָר נאָר אַזוינע בעשטימונגען פֿון דעם קאָלאָניאַלען פּאַרלאַמענט, װעלכע זענען געגענזעצליך צו די אָבמאַ־

כונגען פֿון ענגלאַנד מיט די איבריגע מלוכות, און אַהין דעם שיקט ער נאָך (אויף וויפיעל ס׳איז ניט נויטיג קיין שנעלע ההלטה) אַזוינע בעשטימונגען: 1) וואָס זענען שייך צו גטען צווישען אַ פּאָר־פֿאָלק, אויב זיי האָבען התונה געהאַט לויט די קירכליכע תקנות, 2) וועגען נאַגראַדעס אָדער מתנות פֿאַר די גיבערנאַטאָרען, 3) וועגען דער מטבעות־פּראַגע אין די קאָלאָניעס, 4) וועגען גרענעץ־אָבצאָהלונגען, 5) אַזוינע בעשטימונגען, וואָס בעגרענצען די מעטראָפּאָליע אין איהר רעכט צו שאַפֿען איבער דער אַרמעע און דעם פֿלאָט אין די קאָלאָניעס, 6) אַזוינע, וואָס בעגרענצען די מאַכט פֿון דער מעטראָפּאָליע, אָדער די רעכטען פֿון די ענגלישע בירגער אין די קאָלאָניעס, אָדער וואָס קענען שאַדען דעם מסחר פֿון דער מעטראָפּאָליע אָדער פֿון אַנדערע ענגלישע קאָלאָניעס. אַחוץ די דאָזיגע בעשרענקונגען פֿערוואַלטען זיך די קאָלאָניעס פֿאָלקאָם זעלבסטשטענדיג.



# אויסטראַליען.

## אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, אַ פֿעראייניגטע.

(ד. ה. אַ בונד פֿון עטליכע מלוכות, וועלכע
האָבען יעדערע זייער אייגענע פֿערוואלטונג).

### 1. וועגען איבערקוקען
### די קאָנסטיטוציע.

אַ פּראָעקט וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע קען ווערען
אַ געזעץ ניט אַנדערש, ווען ער ווערט אָנגענומען מיט אַן אַבסאָ=
לוטער מעהרהייט פֿון שטימען אין ביידע פּאַלאַטעס און ווערט דער=
צו נאָך בעשטעטיגט דורך די וועהלער, וואָס האָבען דאָס רעכט
צו קלייבען דעפּוטאַטען אין דער פֿאָרשטעהער=פּאַלאַטע (זעה ווייטער
„די פּאַלאַטעס").

### 2. די רעכטען פֿון די בירגער.

קיין אָפֿיציעלע אמונה איז אין אויסטראַלישען בונד ניט פֿאַראַן.
יעדער בירגער האָט דאָס רעכט צו דינען זיין גאָט אָפֿען און פֿריי
און קיינער טאָר איהם דערינען ניט שטערען. ס'איז ניט נויטיג,
אַז די בעאַמטע פֿון דער מלוכה זאָלען געהערען דוקא צום קריסט=
ליכען גלויבען אָדער בכלל צו אַ וועלכען ניט איז גלויבען. אַלע
בירגערליכע רעכטען זענען די זעלביגע, ווי אין ענגלאַנד.

### 3. וועגען דעם ראש פֿון דער מלוכה.

דער ראש פֿון דער מלוכה איז דער ענגלישער קעניג (זעה
„ענגלאַנד"). ער האָט געוויסע קעניגליכע רעכטען אויפֿ'ן גרונד פֿון
אַ בעשטימטער קאָנסטיטוציע. אַ טייל פֿון די דאָזיגע רעכטען גיט
ער איבער דעם גענעראַל=גובערנאַטאָר פֿון אויסטראַ=
ליען, וועלכער האָט דאָ די דעה אין'ם נאָמען פֿון קעניג. דער
קעניג (אָדער אין זיין נאָמען דער גענעראַל=גובערנאַטאָר) רופֿט צו=
נויף און לאָזט פֿאַנאַנדער די פּאַלאַטעס און לעגט אָב זייערע זי=

צונגען. דער קעניג (אָדער דער גענ.-גוב.) האָט דאָס רעכט אַריינצוטראָגען פֿון זיין נאָמען געזעץ-פּראָעקטען אין די פּאַלאַטעס און בעשטעטיגען (סאַנקציאָנירען) אָדער ניט בעשטעטיגען זייערע החלטות. אָבער אין אמת'ן זאָגט זיך דער גענעראַל-גובערנאַטאָר קיינמאָל ניט אָב צו בעשטעטיגען די החלטות פֿון די פּאַלאַטעס. דער קעניג האָט דאָס רעכט צו אָבשאַפֿען די בעשטעטיגונג פֿונ'ם גענ.-גובערנאַטאָר, אויב ס'איז נאָך ניט אַוועק קיין יאָהר זינט די בעשטעטיגונג איז אונטערגעשריבען געוואָרען. אויב דער גענ.-גובערנאַטאָר גיט ניט אַליין זיין הסכמה אויף אַ וועלכען ניט איז געזעץ-פּראָעקט, נאָר ער שיקט איהם אַוועק דירעקט צום קעניג, דאַרף אָנקומען פֿונ'ם קעניג אַן ענטפֿער ניט שפּעטער ווי אין אַ משך פֿון צוויי יאָהר. (וועלכע געזעץ-פּראָעקטען דער גענ.-גובערנאַטאָר קען שיקען צום קעניג — זעה „ענגלאַנד“, קאַפּיטעל 6: „פֿינאַנסען און ז. וו.“). דער קעניג (אָדער דער גענ.-גובערנאַטאָר) בעשטימט די מיטגלידער פֿונ'ם עקזעקוטיווען ראַט פֿון דעם בונד; 7) פֿון די דאָזיגע מיטגלידער בעשטימט ער פֿאַר מיניסטאָרען. ער בעשטימט אויך די העכערע ריכטער, נאָר דערצו דאַרף ער האָבען דעם הסכם פֿון דעם עקזעקוטיווען ראַט. ער שטעהט בראש פֿון דער אַרמעע און דעם פֿלאָט. די ציוויל-ליסטע פֿונ'ם גענ.-גובערנאַטאָר איז 10000 פֿונט שטערלינג אַ יאָהר. דער גובערנאַטאָר קען ווערען גערופֿען צום משפּט.

## 4. די פּאַלאַטעס.

דער סענאַט. יעדע מלוכה פֿון די, וואָס געהען אַריין אין בונד, שיקט איהרע דעפּוטאַטען אין סענאַט (די דאָזיגע דעפּוטאַטען הייסען סענאַטאָרען). די סענאַטאָרען ווערען געקליבען פֿונ'ם פֿאָלק אין יעדער מלוכה בעזונדער. די סענאַטאָרען זענען אויף אַזאַ אופֿן די פֿאָרשטעהער פֿון די איינצעלנע מלוכות. יעדע מלוכה פֿון די „גרונד-מלוכות“ (ד. ה. פֿון די, וואָס האָבען פֿון אָנהויב אָן געבילדעט דעם בונד) שיקט אין סענאַט 6 פֿאָרשטעהער. די דאָזיגע צאָהל קען ווערען פֿערגרעסערט, נאָר אַזוי, אַז די פֿערגרעסערונג זאָל אין איין צייט פֿאָרקומען אין אַלע „גרונד-מלוכות“, — דאָס הייסט איין מלוכה טאָר ניט שיקען מעהר סענאַטאָרען, ווי די צווייטע. דער סענאַט ווערט אויסגעקליבען אויף 6 יאָהר. אויב אַ סענאַטאָר פֿערלאָזט זיין שטעל איידער עס געהען אַוועק די 6 יאָהר, קלייבט ניט דאָס פֿאָלק קיין נייעם פֿאָרשטעהער, נאָר ביידע פּאַלאַטעס אין דער

מלוכה, פֿון וואַנעֶן דעֶר סעֶנאַטאָר איז געֶוועֶן, בּעֶשטימט אַ דעֶרווײַליגעֶן פֿאָרשטעֶהעֶר אויף זײַן אָרט — בּיז די נײַעֶ וואַהלעֶן. אויבּ דעֶר סעֶנאַטאָר פֿעֶרלאָזט זײַן שטעֶל אין אַזאַ צײַט, ווען אין פֿאַרלאַמעֶנט פֿון זײַן מלוכה איז קײַן זיצונגעֶן ניטאָ, בּעֶשטימט אַ דעֶרווײַליגעֶן פֿאָרשטעֶהעֶר דעֶר געֶנ.-גובּעֶרנאַטאָר מיט דעֶם הסכּם פֿון דעֶם עֶקזעֶקוטיווען ראַט פֿון דעֶם בּונד. אויבּ אַ סעֶנאַטאָר געֶהט ניט אויף די זיצונגעֶן פֿונ'ם סעֶנאַט 2 הדשים כּסדר אין איין סעֶסיעֶ (אָהן דעֶר עֶרלויבּנים פֿונ'ם סעֶנאַט), רעֶכעֶנט דאָס זיך, אַז עֶר זאָגט זיך אָבּ פֿון זײַן שטעֶל. אויף די זיצונגעֶן פֿונ'ם סעֶנאַט מוז זײַן לכל הפּחות אַ דריטעֶל פֿון זײַנעֶ מיטגליעדעֶר, אַז ניט קעֶן די זיצונג ניט פֿאָרקומעֶן. דעֶר סעֶנאַט קלײַבּט אויס זײַן אייגעֶנעֶם פֿאָרזיצעֶנדעֶן.

די **פֿאָרשטעֶהעֶר-פּאַלאַטעֶ** בּעֶשטעֶהט פֿון דעֶפּוטאַטעֶן, וועֶלכעֶ ווערעֶן אויסגעֶקליבּעֶן פֿון דעֶם פֿאָלק אינ'ם **גאַנצעֶן** בּונד. די צאָהל דעֶפּוטאַטעֶן פֿון יעֶדעֶר מלוכה ווענדט זיך אָן דעֶר צאָהל אײַנוואָהנעֶר פֿון דעֶר דאָזיגעֶר מלוכה. אויבּ אין איין מלוכה איז פֿאַראַן מעֶהר אײַנוואָהנעֶר, ווי אין דעֶר צווייטעֶר, שיקט זי מעֶהר דעֶפּוטאַטעֶן אין דעֶר פֿאָרשטעֶהעֶר-פּאַלאַטעֶ. יעֶדעֶ „גרונד-מלוכה“ דאַרף פֿונדעֶסטוועֶגעֶן שיקעֶן ניט וועניגעֶר פֿון 5 דעֶפּוטאַטעֶן. די גאַנצעֶ צאָהל דעֶפּוטאַטעֶן אין דעֶר פֿאָרשטעֶהעֶר-פּאַלאַטעֶ דאַרף זײַן ניט מעֶהר ווי צוויי מאָל אַזוי פֿיעל איידעֶר אין סעֶנאַט. די וואַהל-בּעֶצירקעֶן טאָר מען ניט אײַנטיילעֶן אַזוי, אַז אין איין בּעֶצירק זאָלעֶן אַרײַנגעֶהן שטיקלעֶך פֿון פֿעֶרשידעֶנעֶ שכנישעֶ מלוכות. די פֿאָרשטעֶהעֶר-פּאַלאַטעֶ ווערט אויסגעֶקליבּעֶן אויף 3 יאָהר. די פּאַלאַטעֶ קלײַבּט אַליין אויס אַ פֿאָרזיצעֶנדעֶן. די זיצונג קען פֿאָרקומעֶן ניט אַנדעֶרש, ווען ס'איז דאָ אויף איהר לכל הפּחות $1/_3$ דעֶפּוטאַטעֶן.

די וואַהלעֶן אי אין סעֶנאַט, אי אין די פֿאָרשטעֶהעֶר-פּאַלאַטעֶ קומעֶן פֿאָר אויף די יסודות פֿון אַלגעֶמײַנעֶם וואַהל-רעֶכט. אין 1902 יאָהר האָבּעֶן די **פֿרויעֶן** אין **אויסטראַליעֶן** אויך **בּעֶקומעֶן וואַהל-רעֶכט**.

## 5. די קאָמפּעֶטעֶנץ פֿון די פּאַלאַטעֶס.

די פּאַלאַטעֶס האָבּעֶן געֶזעֶצגעֶבּעֶנדעֶ איניציאַטיוו. זיי בּעֶשטימעֶן דעֶם בּיודזשעֶט. זיי קענעֶן מאַכעֶן אָנפֿראַגעֶס די מיניסטאָרעֶן וועֶגעֶן זייערעֶ מעשׂים. דעֶר פּראָעֶקט פֿונ'ם בּיודזשעֶט ווערט אויסגעֶאַרבּײַט אין דעֶר פֿאָרשטעֶהעֶר-פּאַלאַטעֶ. דעֶר סעֶנאַט קען דעֶם

פּראָעקט אָננעהמען אָדער ניט אָננעהמען אינגאַנצען, אַזוי ווי
ער איז, אָבער אומבּייטען איהם טאָר ער ניט. אויב צווישען די
פּאַלאַטעס טרעפט אַ סכסוך וועגען בּיודזשעט, קומען זיך בּיידע
פּאַלאַטעס צוזאַמען אויף אַ פעראייניגטע זיצונג, און אויף דער זי-
צונג בּעשטימט מען לויט די מעהרהייט פון שטימען.

## 6. דער מיניסטאָרען-קאַבינעט.

דער עקזעקוטיווער ראַט ווערט בּעשטימט דורך דעם גענעראַל-
גובּערנאַטאָר. זיעבּען פון זיינע מיטגליעדער ווערען געמאַכט פאַר
מיניסטאָרען. עס עקזיסטירט אין דעם אויסטראַלישען
בּונד אַ פּאָליטישע פעראַנטוואָרטליכקייט פון די
מיניסטאָרען. יעדער מיניסטער בּעקומט 12,000 פונט שטער-
לינג אַ יאָהר געהאַלט.

## 7. פינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי, געריכט, קירכע, בּיל-דונג, אויטאָנאָמיע.

אַלע מאַיאָנטקעס און הכנסות פון דעם בּונד בּילדען אַ קאַ-
פּיטאַל, פון וועלכען מען קען נעהמען געלד אויף די הוצאות פון
דער מלוכה נאָר אין אַזאַ סכום, ווי דער פּאַרלאַמענט בּעשטעטיגט,
און נאָר אויף אַזאַ אופן, ווי עס פאָדערט די קאָנסטיטוציע.

די ריכטליכע מאַכט אין בּונד געהערט 1) צו דעם הויפּט-
געריכט פון בּונד, 2) צו די געוועהנליכע געריכטען פון בּונד און
3) צו אַזוינע געריכטליכע איינריכטונגען, וועלכע דער פּאַרלאַמענט
בּעשטימט. דער הויפּט-געריכט בּעשטעהט פון אַ פאָרזיצענדען און
אַזוי פיעל מיטגליעדער, וויפיעל דער פּאַרלאַמענט געפינט פאַר נוי-
טיג. די ריכטער אינ'ם הויפּט-געריכט ווערען בּעשטימט פונ'ם גענ.-
גובּערנאַטאָר; אָבּזאָגען די ריכטער פון זייער שטעל קען נאָר דער
גענ.-גובּערנאַטאָר מיט'ן הסכם פון דעם עקזעקוטיווען ראַט אי דאָס
נאָר דאַן, ווען דאָס פאָדערן די פּאַלאַטעס. דערבּיי דאַרפען די פּאַ-
לאַטעס דערווייזען, אַז די ריכטער זענען ניט פעהיג צו פערנעהמען
זייער שטעל, אָדער זיי ערפילען ניט ווי עס געהער צו זיין זייער
פליכט. געצאָהלט פאַר די ריכטער בּעשטימט דער פּאַרלאַמענט. דער
הויפּט-געריכט איז דער העכסטער געריכט-אינסטאַנץ אין דער מלוכה.
צו איהם קען מען אַפּעלירען אויף דעם פּסק-דין פון די געוועהנ-

ליכע געריכטען סיי פונ'ם גאנצען בונד, סיי פון איינצעלנע מלוכות. אויב דער הויפט-געריכט פסק'נט עפעס אין אזא פראגע, וואס האט א שייכות צו דער קאנסטיטוציע פונ'ם בונד אדער פון איינצעלנע מלוכות, טאר מען אויף דעם דאזיגען פסק-דין ניט אפעלירען צום ענגלישען קעניג אהן דעם הסכם פון דעם הויפט-געריכט. דער הויפט-געריכט בעשטימט ענדגילטיג, ווי דארף מען טייטשען די אבמאכונגען צווישען די מלוכות, אויב ס'איז פאראן דעריין א ספקות. ער פסק'נט אין די פראגען, וואס האבען א שייכות צו דער פארשטעהעריי פון פרעמדע מלוכות. ; ער פסק'נט דארט, וואו דער גאנצער בונד לאדט זיך מיט עמיצען אדער עמיצער לאדט דעם גאנצען בונד, אדער דארט, וואו מען רופט צום משפט א בעאמטען פונ'ם בונד, אדער וואו עס לאדען זיך צוזישען זיך צווי מלוכות פון דעם בונד, אדער צווי מענשען פון פערשידענע מלוכות, וואס געהערען צום בונד.

די איינצעלנע מלוכות פונ'ם בונד האבען יעדע א קאנסטיטוציע און א פארלאמענט. אויב אין די געזעצען פון א וועלכער ניט איז איינצעלנער מלוכה איז דא א פונקט, וועלכער געהט נעגען די געזעצען פון דעם בונד, מוז דער דאזיגער פונקט ווערען אבגעשאפט. דער האנדעל אין דעם גאנצען בונד דארף זיין פריי, ד. ה. איין מלוכה פונ'ם בונד טאר ניט ארויפלעגען קיין גרענעץ-אבצאהלונגען אויף די סחורות פון אנאנדער מלוכה פונ'ם בונד. די גרענעץ-אבצאהלונגען אויף אויסלענדישע סחורות (ד. ה. אויף סחורות פון פרעמדע מלוכות, וואס געהען אין בונד ניט אריין) דארפען זיין גלייך אין אלע מלוכות פונ'ם בונד. דער בונד דארף גלייך זארגען וועגען דעם האנדעל און אינדוסטריע אין אלע זיינע מלוכות.

ס'איז פאראן א בעזונדער קאמיסיע פון אלע מלוכות (א צווישען-מלוכה'שע קאמיסיע), וועלכע גיט אכטונג, אז ס'זאלען ערפילט ווערען אלע תקנות פון דער בונדעס-קאנסטיטוציע בנוגע צו האנדעל און אינדוסטריע. די מיטגלידער פון דער דאזיגער קאמיסיע ווערען בעשטימט אויף 7 יאהר דורכ'ן גענ.-גובערנאטאר מיט דעם הסכם פון דעם עקזעקוטיווען ראט. די איינצעלנע מלוכות פונ'ם בונד האבען ניט קיין רעכט אהן דעם הסכם פון דעם בונדעס-פארלאמענט אויס-קלאפען מטבעות, ווי אויך האלטען אנ'ארמעע און א פלאט. דער בונד בעשיצט פאר אנאנפאל פון אנ'אויסווענינגסטען שונא, ווי אויך פון אינווענינגסטע אונרוהען די איינצעלנע מלוכות, אויב נאר עס רופט איהם צו הילף די עקזעקוטיווע מאכט פון די דאזיגע מלוכות.

# דײַטשלאַנד.

## אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, אַ פֿעראייניגטע

דײַטשלאַנד בעשטעהט פֿון 22 איינצעלנע מלוכות, 3 „פֿרײַע“ שטעדט און דער אײַנגענומענער פֿראַנצויזישער פּראָווינץ עלזאַס-לאָטהרינגען. די 22 מלוכות און די 3 שטעדט בילדען אויפֿ'ן גרונד פֿון דער קאָנסטיטוציע פֿון 5-טען מאַי 1871 אַ בונד, װעלכער רופֿט זיך „דײַטשעס רײַך“ (דײַטשע אימפּעריע). יעדע פֿון די בונדעס-מלוכות האָבען זייערע פּאַרלאַמענטען (לאַנדטאַגען), רעגירונגען און הערשער (קעניגע, הערצאָגען, פֿירסטען). די וויכטיגסטע פֿון די בונדעס-מלוכות זענען פּרײַסען, בײַערן, זאַקסען, ווירטעמבערג, באַדען און העסען. די פֿרײַע שטעדט זענען ליבעק, ברעמען און האַמבורג. בראש פֿון דער דײַטשער אימפּעריע שטעהט דער דײַטשער קייזער, דער בונדעס-ראַט און דער רײַכסטאַג, וועלכע האָבען צו שאַפֿען איבער די ענינים, וואָס זענען שײַך צו דער גאַנצער אימפּעריע.

### 1. וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע.

די קאָנסטיטוציע פֿון דער אימפּעריע (רײַכס-קאָנסטיטוציע) קען אומגעביטען ווערען אויפֿ'ן געוועהנליכען געזעצגעבענדען וועג. נאָר אַזאַ מין אומבײַטונג איז זעהר שווער דורכצופֿיהרען: אויב 14 פֿון די 58 שטימען אין בונדעס-ראַט זענען געגען דער אומבײַטונג, קען זי ווײַטער ניט דעבאַטירט ווערען און מוז אַראָבגענומען ווערען פֿון טאַגעס-אָרדנונג. אויף אַזאַ אופֿן קען דאָ די מינדערהײַט (ווייניגער ווי אַ פֿיערטעל) דורכפֿאַלען שטענדיג די פֿאָרלאַגען וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע.

די ספּעציעלע פּריווילעגיעס פֿון איינִיגע בונדעס-מלוכות, וועלכע זענען אויסגעטײַטשט אין דער רײַכס-קאָנסטיטוציע, קענען ניט אומגעביטען ווערען אָהן דעם הסכם פֿון די בונדעס-מלוכות, וועלכע האָבען די דאָזיגע פּריווילעגיעס.

## 2. די רעכטען פון די בירגער.

אין דער רייכס־קאָנסטיטוציע זענען די רעכטען פון די בירגער ניט אויסגערעכענט. אין די איינצעלנע בונדעס־מלוכות זענען די דאָזיגע רעכטען זעהר פערשידען: אין איינינע געטוג ברייט, אין די אנדערע זעהר בעשרענקט, בעזונדערס אין פּרייסען. לויט דער רייכס־קאָנסטיטוציע האָבען די געזעצגעבענדע איינריכטונגען פון דער אימפּעריע דאָס רעכט אַרויסצוגעבען געזעצען וועגען פּרעסע און פערזאַמלונגען אַלץ איינע פאַר גאַנץ דייטשלאַנד, און אויף אַזאַ אופן דאַרפען פערלירען זייער קראַפט די ענטשפּרעכענדע געזעצען פון די איינצעלנע בונדעס־מלוכות. ביז אַהער זענען אָבער אַזוינע געזעצען נאָך ניט אַרויסגעגעבען.

## 3. דער ראש פון דער מלוכה.

דער ראש פון דער דייטשער אימפּעריע איז שטענדיג דער פּרייסישער קעניג, וועלכער בעקומט בנוגע צו דייטשלאַנד דעם טיטול דייטשער אימפּעראַטאָר. דער דייטשער אימפּעראַטאָר (דייטשער קייזער) האָט אַ סך מעהר רעכטען, איידער אַ וועלכער ניט איז אַנדערער קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרך אין מערב־אייראָפּע. ער שטעהט בראש פון דער אַרמעע סיי אין דער צייט פון מלחמה, סיי אין דער צייט פון שלום און דאַרף בעשיצען די גאַנצע טעריטאָריע פון דייטשלאַנד פאַר אַנ׳אויסוועניגסטען שונא. ער קען ערקלערען מלחמה מיט אַנ׳אַנדער מלוכה — דערצו דאַרף ער נאָר האָבען דעם הסכם פון דעם בונדעס־ראַט, וועלכער געפינט זיך פאַקטיש ביי איהם אין די הענד (זעה, וועגען בונדעס־ראַט ווייטער); ער קען ערקלערען מלחמה אויך אין דייטשלאַנד גופא אין איינער פון די בונדעס־מלוכות — נאָר מיט׳ן הסכם פון דעם בונדעס־ראַט. ער קען זעלבסטשטענדיג, אָהן דעם הסכם פין וועמען ניט איז, ער־קלערען קריעגס־צושטאַנד אין פערשידענע טיילען פון דייטשלאַנד. די אויסוועניגסטע פּאָליטיק פון דייטשלאַנד פיהרט ער פאָלקאָם זעלבסטשטענדיג און גיט פאַר קיינעם ניט אָב קיין דין וחשבון. ער איז דער פאָרשטעהער פון דער אימפּעריע אין אַלע אינטער־נאַציאָנאַלע און דיפּלאָמאַטישע ענינים. ער אַליין האָט דאָס רעכט צו שליסען שלום און אָבמאַכונגען (טראַקטאַטען) מיט די איבריגע מלוכות. אויב די דאָזיגע אָבמאַכונגען זענען שייך צו גרענעץ־אָב־צאָהלונגען אָדער צום האַנדעל פון דייטשלאַנד מיט די איבריגע

מלוכות, דאַרף ער האָבען דעם הסכם פֿון דעם בונדעס־ראַט און די בעשטעטיגונג פֿונ'ם רייכסטאַג. אויב די דאָזיגע אָבמאַכונגען טראָגען אָבער אַ ריין פּאָליטישען כאַראַקטער (למשל, וועגען העלפֿען איינער דעם אַנדערן אין צייט פֿון אַ מלחמה, אַרויסגעבען פּאָליטישע פֿערברעכער און ז. וו.) דאַרף דער קייזער אויף זיי קיינעמס הסכם ניט האָבען.

אין די אינוועניגסטע ענינים פֿון דער מלוכה שפּיעלט ער אויך זעהר אַ וויכטיגע ראָלע. ער רופֿט צוזאַמען און עפֿענט דעם בונדעס־ראַט און דעם רייכסטאַג, ער לאָזט זיי פֿאַנאַנדער און לעגט אָב אויף אַ צייט זייערע זיצונגען. ער בעשטעטיגט און פּובליקירט די געזעצען פֿון דער אימפּעריע און גיט אַכטונג, אַז זיי זאָלען ווערען ערפֿילט. ער בעשטימט און זאָגט אָב די בעאַמטע פֿון דער אימפּעריע.

דער קייזער האָט דאָס רעכט צו בעשטראָפֿען איינצעלנע בונדעס־מלוכות. אויב איינע פֿון די דאָזיגע מלוכות ערפֿילט ניט איהר חוב בנוגע צו דער רייכס־קאָנסטיטוציע, קען דער בונדעס־ראַט בעשטימען אַ שטראָף פֿאַר דער דאָזיגער מלוכה, כדי צו צווינגען זי פֿאָלגען די קאָנסטיטוציע. אויספֿיהרען די דאָזיגע שטראָף פֿיהרט אויס דער קייזער פֿון דייטשלאַנד.

דער קייזער רעכענט זיך פֿאַר אַ פֿאָרזיצענדען אין דעם בונדעס־ראַט. נאָר געוועהנליך איז דאָרט פֿאָרזיצענדער דער רייכס־קאַנצלער, וועלכער ווערט בעשטימט פֿון דעם קייזער און שטעהט בראש פֿון דעם בונדעס־ראַט און פֿון דער גאַנצער פֿערוואַלטונג. אַלע בעפֿעהלען און פֿעראָרדנונגען פֿון דעם קייזער דאַרפֿען זיין אונטערגעשריבען (קאָנטראַסיגנירט) דורך דעם רייכס־קאַנצלער. די דייטשע קאָנסטיטוציע ווייזט אָן, אַז אונטערשרייבענדיג דעם בעפֿעהל פֿונ'ם קייזער, נעהמט דער רייכס־קאַנצלער אויף זיך די פֿעראַנטוואָרטליכקייט, נאָר ס'איז ניט אויסגעטייטשט, פֿאַר וועמען איז ער פֿעראַנטוואָרטליך. דער רייכסטאַג האָט ניט דאָס רעכט צו רופֿען דעם קאַנצלער צום משפּט, און פֿאַקטיש איז דער קאַנצלער פֿעראַנטוואָרטליך נאָר פֿאַר'ן קייזער און טהוט שטענדיג זיין ווילען.

## 4. די פּאַלאַטעס.

דער דייטשער פּאַרלאַמענט בעשטעהט פֿון 1) דעם רייכסטאַג, 2) דעם בונדעס־ראַט. די דעפּוטאַטען פֿון רייכסטאַג

ווערען אויסגעקליבען דורך אַלע דייטשען, מאַנספּערזאָנען ניט אינגער פון 25 יאָהר, אויפ'ן גרונד פון אַלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואַהל-רעכט. די צאָהל פון די דעפּוטאַטען איז 397 (פון זיי 235 שיקט פּרייסען אַליין). דער רייכסטאַג ווערט אויסגעקליבען אויף 5 יאָהר. פאַנאַנדערגעלאָזט ווערען אינמיטען די דאָזיגע 5 יאָהר קען ער נאָר לויט די בעשטימונג פון דעם בונדעס-ראַט מיט'ן הסכם פון'ם קייזער, און דאַרף אויף דאָס ניי צונויפגערופען ווערען ניט שפּעטער פון 3 הדשים נאָך דעם פאַנאַנדערלאָזען. דער קייזער קען אָבלעגען זיינע זיצונגען אויף 30 טעג, אויף מעהר האָט ער קיין רעכט ניט אָהן דעם הסכם פון דעם רייכסטאַג גופא. פאַר מיטגליעדער פון רייכסטאַג מעגען אויסגעקליבען ווערען בעאַמטע אויך, נאָר, זייענדיג דעפּוטאַטען, טאָרען זיי ניט פערנעהמען אין דער מלוכה אַזוינע שטעלעס, אויף וועלכע מען קען בעקומען אַלעמאָל א העכערן טשין. דער רייכסטאַג קלייבט אַליין א פאָרזיצענדען.

דער בונדעס-ראַט בעשטעהט פון פאָרשטעהער פון די איינצעלנע בונדעס-מלוכות. די מיטגליעדער פון'ם בונדעס-ראַט ווערען ניט אויסגעקליבען פון דער בעפעלקערונג אין יעדער בונדעס-מלוכה, נאָר עס שיקען זיי פאַר דעלעגאַטען די רעגירונגען פון די בונדעס-מלוכות. פּרייסען (די פּרייסישע רעגירונג) האָט אין בונדעס-ראַט 17 שטימען, בייערן — 6, זאַקסען — 4, ווירטעמבערג — 4, באַדען — 3, העסען — 3, מעקלענבורג-שווערין — 2, ברוינשווייג — 2, די איבריגע מלוכות — צו איין שטימע. סך-הכל האָבען אַלע מלוכות אין בונדעס-ראַט צוזאַמען 58 שטימען. דעלעגאַטען זענען מעהרסטענטיילס די מיניסטאָרען פון די בונדעס-מלוכות. די שטימען ווערען אָבגעגעבען אין בונדעס-ראַט ניט לויט דער צאָהל דעלעגאַטען, נאָר נאָך די מלוכות נאָך: איין דעלעגאַט קען אָבגעבען פיעלע שטימען. די דעפּוטאַטען פון איין רעגירונג שטימען שטענדיג גלייך (למשל, די פּרייסישע דעלעגאַטען שטימען אָדער אַלע פאַר א בעשטימטע פאָרלאַגע, אָדער אַלע געגען, זיי טאָרען אָבער ניט שטימען איינער פאַר, דער אַנדערער געגען דער זעלביגער פאָרלאַגע). די בעשלוסען, אויסער איינינגע, וועלכע זענען בעשטימט אין דער קאָנסטיטוציע, ווערען אָנגענומען מיט אַנ'איינפאַכער מעהרהייט פון שטימען. אויב עס דעבאַטירט זיך אַזאַ פראַגע, וועלכע האָט א שייכות נאָר צו איינינגע בונדעס-מלוכות, רעכענט מען די שטימען נאָר פון די בונדעס-

מלוכות, וועמען סאיז די דאָזיגע פֿראַגע נוגע. פּ אַ ר ז י צ ע נ ד ע ר אין בונדעס־ראַט איז דער פּרייסישער קעניג.

דער בונדעס־ראַט בילדעט שטענדיגע קאָמיטעטען, וועלכע פֿערנעהמען זיך מיט די עניניםְ 1) פֿון דער אַרמעע און די פֿעס־טונגען, 2) פֿון פֿלאָט, 3) פֿון גרענעץ־אָבצאָהלונגען און פּראָדוקטען, 4) פֿון האַנדעל, 5) פֿון אײזענבאַהנען, פּאָסט און טעלעגראַף, 6) פֿון יוסטיץ, 7) פֿון קאָנטראָל איבער די חשבונות פֿון דער מלוכה, 8) פֿון אויסלענדישע ענינים א. ז. וו. אין יעדען קאָמיטעט דאַרפֿען אַרײנגעהן די פֿאָרשטעהער לכל־הפחות פֿון 4 מלוכות, אויסער פּרייסען, וועלכע איז פֿאָרגעשטעלט אין אַלע קאָ־מיטעטען; יעדע מלוכה האָט אין קאָמיטעט נאָר איין שטימע.

יעדער מיטגליעד פֿונ׳ם בונדעס־ראַט האָט דאָס רעכט צו קומען אין רייכסטאַג און פֿאָרערן אַ וואָרט; ער מעג אפילו פֿון פֿריהער ניט שטעהן אין צעטעל פֿון די רעדנער, מוז מען איהם באַלד געבען דאָס וואָרט, ווי נאָר ער פֿערלאַנגט; ער האָט דאָס רעכט צו אַרויסזאָגען פֿאַר׳ן רייכס־טאַג די מיינונגען פֿון זײן רעגירונג, הגם די דאָזיגע מיינונגען מעגען ניט זיין איינשטימיג מיט דער מעהרהייט פֿון דעם בונדעס־ראַט.

יעדער מיטגליעד פֿונ׳ם בונדעס־ראַט האָט דאָס רעכט צו אַרײנטראָגען פֿאָרלאַגען אין בונדעס־ראַט, און מען מוז זיי דאָרט אַרומקלערען.

קיינער טאָר ניט זיין אין דער זעלבער צייט אי אַ מיטגליעד פֿונ׳ם בונדעס־ראַט, אי אַ מיטגליעד פֿונ׳ם רייכסטאַג.

דער בונדעס־ראַט קען צוזאַמענגערופֿען ווערען אפילו דאַן, ווען דער רייכסטאַג פֿונקציאָנירט ניט; דער רייכסטאַג אָהן דעם בונ־דעס־ראַט טאָר ניט ווערען צוזאַמענגערופֿען.

די זיצונגען פֿונ׳ם בונדעס־ראַט זענען ניט עפֿענטליך.

## 5. די קאָמפּעטענץ פֿון די פּאַלאַטעס.

א. דער רייכסטאַג.

פֿון אַלע 13 פּונקטען אין דער דײטשער רייכס־קאָנסטיטוציע איז פֿאַראַן איינעמנטליך נאָר איינער, וועלכער רעדט וועגען די רעכטען פֿון דעם רייכסטאַג בנוגע צו דער געזעצגעבונג: „דער רייכס־טאַג האָט דאָס רעכט פֿאָרצולעגען געזעצען, וועלכע זענען שייך צו דער גאַנצער אימפּעריע, און איבערצוגעבען דעם בונדעס־ראַט און דעם רייכס־קאַנצלער די פּעטיציעס, וועלכע מען דערלאַנגט

איהם“. אויף אַזאַ אופן איז ניטאָ קיין איינציג פֿון געזעצגעבונג, וואו דער רייכסטאַג זאָל זיין פֿאָלקאָם זעלבסטשטענדיג: אַלע זיינע פֿאָרלאַגען מיזען בעשטעטיגט ווערען דורך'ן בונדעס=ראַט און אָהן דעם בעקומען זיי ניט קיין קראַפֿט. און אַזוי ווי דער בונדעס=ראַט בעשטעהט פֿון די פֿאָרשטעהער פֿון די בונדעס=רעגירונגען, דעריבער קומט אויס, אַז דער רייכסטאַג איז אין זיינע בעשלוסען אָבהענגיג אַפֿילו ניט פֿון אַן אויבערשטער פאַלאַטע, ווי אין די מלוכות מיט אַ 2=פאַלאַטעס=סיסטעם, נאָר פֿון די רעגירונגען, און, בראש פֿון אַלע, פֿון דער פרייסישער רעגירונג.

פֿאַקטיש האָט ער נאָך ווייניגער רעכטען, איידער ס'ניט איהם די קאָנסטיטוציע: לויט די קאָנסטיטוציע האָט ער דאָס רעכט פֿון געזעצגעבענדער איניציאַטיוו; אין דער פּראַקטיק איז די גאַנצע איניציאַטיוו כמעט איבערגעגאַנגען אין די הענד פֿון דער רעגירונג, און דער רייכסטאַג בעטראַכט נאָר די געזעצען, וואָס זי לעגט איהם פֿאָר.

ב, דער בונדעס=ראַט.

ווי מיר האָבען שוין געזעהען איז דער בונדעס=ראַט אַ געזעצגעבענדע אינריכטונג. ער האָט דאָס רעכט פֿון געזעצגעבענדע איניציאַטיוו. ער קען אויסאַרבייטען געזעצען און זיי איבערגעבען דעם רייכסטאַג אויף אַרומצוקלערען, ער דאַרף בעשטעטיגען די געזעצען, וואָס דער רייכסטאַג לעגט איהם פֿאָר. מען קען איהם אָבער ניט צוגלייכען צו די אויבערשטע פאַלאַטעס פֿון אַנדערע מלוכות: ער האָט אין דער זעלבער צייט אויך די פֿונקציעס פֿון אַ מיניסטעריום; אין זיינע הענד געפֿינט זיך די רעגירונגס=מאַכט. ער גיט אַרויס אַדמיניסטראַטיווע בעפֿעהלען און פֿעראָרדנונגען צו ערפֿילען די געזעצען; ער טייטשט אויס די עקזיסטירענדע געזעצען און גיט אַרויס זיין אורטייל אין די פֿאַלען, וואו ס'איז ניטאָ קיין ענטשפּרעכענדער געזעץ. ער בעשטימט פֿערשידענע קאָמיסיעס צו אויסאַרבייטען געזעץ=פּראָעקטען, ער פֿערנעהמט זיך אָפֿט מיט אויספֿאָרשען אַלערליי פֿראַגען פֿון געזעלשאַפֿטליכען און מלוכה=לעבען. ער האָט דאָס רעכט צו אַרויפֿלעגען אַ שטראָף אויף איינצעלנע בונדעס=מלוכות (זעה, „די קאָמפּעטענץ פֿונ'ם קייזער“).

די הויפּט=ראָלע אין בונדעס=ראַט שפּיעלט פּרייסען. זי האָט דאָרט גאַנצע 17 פֿון 58 שטימען, דאַן ווען די איבריגע 41 שטימען זענען פֿאַנאַנדערגעטיילט צווישען 24 פֿערשידענע מלוכות.

זי איז די פּאָרזיצענדע מלוכה אין בונדעס-ראַט, און די דאָזיגע שטעלע איז פֿאַר איהר גאַראַנטירט דורך דער רייכס-קאָנסטיטוציע. זי געהט אַריין אין אַלע קאָמיטעטען פֿון דעם בונדעס-ראַט. די פּרייסישע מיניסטאָרען האָבען שטענדיג די מעגליכקייט צו זיין אין בונדעס-ראַט, ווייל ער געפינט זיך אין בערלין; די מיניסטאָרען פֿון די איבריגע בונדעס-מלוכות קענען נאָר זעלטען קומען אין בערלין אויף זיינע זיצונגען. אין רייכסטאַג טרעט שטענדיג אַרויס אין'ם נאָמען פֿונ'ם בונדעס-ראַט *דער קאַנצלער* (וועלכער איז געוועהנליך דער פּאָרזיצענדער פֿונ'ם *פּרייסישען* מיניסטאָרען-קאַבינעט). אויף אַזאַ אופֿן קומט אויס, אַז דער בונדעס-ראַט איז דורך און דורך פֿערפֿולט מיט פּרייסישען גייסט און פּרייסישער ווירקונג. די הויפּט-ראָלע שפּיעלט דאָרט *דער קאַנצלער* — די רעכטע האַנד פֿונ'ם דייטשען קייזער. אויב דער קאַנצלער געפֿעלט אַפֿילו דעם בונדעס-ראַט *ניט*, האָט ער קיין שום רעכט ניט צו פֿאָדערן, מען זאָל איהם אָבזאָגען פֿון זיין שטעל: דער קאַנצלער איז נאָר אָבהעניג פֿונ'ם קייזער אַליין.

## 6. דער מיניסטאָרען-קאַבינעט.

אין דייטשלאַנד איז קיין מיניסטאָרען-קאַבינעט · אייגענטליך ניטאָ. די רעגירונג — דאָס איז דער רייכס-קאַנצלער און דער בונדעס-ראַט. דער רייכס-קאַנצלער איז דער איינציגער מיניסטער פֿון דער אימפּעריע. די קאָמפּעטענץ פֿון דעם רייכס-קאַנצלער — דאָס איז די קאָמפּעטענץ פֿונ'ם קייזער, וואָרום ער טהוט נאָר דאָס, וואָס דער קייזער הייסט איהם. ער איז פּאָרזיצענדער אין בונדעס-ראַט אַנשטאָט דעם קייזער, ער פֿערנעהמט זיך מיט אויסערליכע פּאָליטיק, ער גיט אַכטונג אויף אַלע ענינים פֿון דער אימפּעריע, ער גיט אַכטונג, אַז די געזעצען פֿון דער אימפּעריע זאָלען אויסגעפֿילט ווערען אין די איינצעלנע בונדעס-מלוכות. ער התמ'ט אונטער אַלע בעפֿעהלען פֿון דעם קייזער.

אַחוץ דעם רייכס-קאַנצלער איז פֿאַראַן *שטאַטס-סעקרעטערען*, וועלכע העלפֿען איהם יעדערער אין אַ בעזונדערער צווייג פֿון פֿערוואַלטונג: איינער איז אַ ממונה אויף יוסטיץ, איינער אויף פּאָסט און טעלעגראַפֿען א. ז. וו. נאָר זיי אַלע זענען מעהר ניט ווי בייהעלפֿער פֿון דעם רייכס-קאַנצלער און שפּיעלען ניט קיין זעלבסטשטענדיגע ראָלע.

## 7. פִינאַנסען, אַרמעע, פּאָלִיצײַ, געריִכט, קירכע, בילדונג, אויטאָנאָמיִע.

אִין וועלכע ענינים עס נִיט אַרויס געזעצען די אִימפּעריִע, און אִין וועלכע יעדע אײַנצעלנע בונדעס=מלוכה — איז געווי נִיט בעשטימט. אַלגעמײַנפאַלס איז אַ כּלל, אַז אויב די אימפּעריע האָט אַרויסגעגעבען אין אַ בעשטימטען ענין אַ געזעץ, ווערען דערמִיט אַלײן שוין בטל די געזעצען פון די אײַנצעלנע בונדעס=מלוכות וועגען דעם זעלביגען ענין. די אײַנצעלנע בונדעס=מלוכות דאַרפען דורכפיִהרען בײַ זיך די געזעצען פון דער אִימפּעריִע. אַרויסגעבען געזעצען זעלבסטשטענדיג קענען זײ נאָר אין אַזוינע ענינים, וואו ס'איז נִיטאָ קײן ענטשפּרעכענדע רײַכס=געזעצען.

די אִימפּעריִע גִיט געוועהנליִך אַרויס געזעצען: וועגען מִיליִטער=דִיענסט, וועגען גרענעץ=אָבצאָהלונגען און האַנדעל, וועגען בענק, וועגען פּאָדאַטקעס אויף די הוצאות פון דער אִימפּעריִע, וועגען יוסטיץ, וועגען דער אַרמעע און דעם קריִעגס=פלאָט, וועגען די אײַזענבאַהנען און דעם האַנדעלס=פלאָט, וועגען מעדיִצִינִישע און וועטערינאַרע הילף און ז. וו. דער בונדעס=ראַט מאַכט שלום צווִישען אײַנצעלנע מלוכות, אויב עס קומט פאָר צווישען זײ אַ קאָנפליִקט.

דער ביודזשעט ווערט בעשטִימט דורך דעם פּאַרלאַמענט אויף אַ יאָהר. אין אויסערגעוועהנליִכע פאַלען קען ער ווערען דערלענגערט אויף אַ גרעסערע צײַט. דער רײַכס=קאַנצלער האָט דאָס רעכט אַרויפצולעגען אַ קאָנטריִבוציִע אויף די בונדעס=מלוכות, כּדי צו דעקען די הוצאות פון דער אִימפּעריִע. די גרויס פון דער קאָנטריבוציע ווענדט זיך אָן דער צאָהל אײַנוואָהנער אין יעדער מלוכה.

עס עקזיסטיִרט אַלגעמײַנע מִיליִטער=פּפליִכט. אַלע מִיליִטערישע קרעפטען פון דער אִימפּעריִע שטעהען אונטער דער אָנפיִהרונג פון'ם קײזער. דאָס מִיליִטער איז מחויב צו פאָלגען דעם קײזער אָהן שום טענות. הוצאות אויף אויסצוהאַלטען דאָס מִיליִטער ווערען גענומען פון דער קאַסע פון דער אִימפּעריִע.



# פרַייסֶען.

## אַ קאָנסטיטוציאָנֶעלֶע מָאנַארכִיע.

די קאָנסטיטוציע איז ארויסגעגעבען געוואָרען אין 1850 יאָהר
און אומגעאַרבייט אין די יאָהרען 1853-1854.

### 1. וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע.

דער געזעץ וועגען אומבייטען די קאָנסטיטוציע קען אַרויס-געגעבען ווערען אויף'ן געוועהנליכען שטייגער, ווי אַלע אַנדערע גע-זעצען.

### 2. די רעכטען פון די בירגער.

די בירגער זענען גלייך פאַר'ן געזעץ. קיינער טאָר זיך ניט אָבזאָגען צו ערפילען די אָדער יענע געזעצען צוליעב זיין רעליגיאָן. עס מעגען געשלאָסען ווערען ציוויל-התונות. די וויסענשאַפט און איהר לעהרנען זענען פריי. די בירגער האָבען פרייהייט פון פער-זאַמלונגען און פעראיינען. פאָליטישע פעראיינען קענען ווערען דורכ'ן געזעץ בעגרענצט אין זייערע רעכ-טען אָדער נאָר פערבאָטען אויף אַ צייט. די בירגער האָבען דאָס רעכט צו דערלאַנגען פעטיציעס, אָבער נאָר יעדערער פאַר זיך.

### 3. דער ראש פון דער מלוכה.

די עקזעקוטיווע מאַכט געהערט נאָר דעם קעניג. ער בעשטימט און רופט אָב פון שטעל די מיניסטאָרען, ער פובליקירט געזעצען און גיט אַכטונג, זיי זאָלען ערפילט ווערען. דער קעניג פיהרט אָן די אַרמעע, ערקלערט מלחמה און שליסט טראַקטאַטען (אָבמאַכונגען). אַזוינע אָבמאַכונגען, וואָס זענען נוגע די פינאַנסען פון דער מלוכה, דאַרפען ווערען בעשטעטיגט דורך די פאַלאַטעס. דער קעניג האָט דאָס רעכט צו בעגנאַדיגען פערברעכער, אָבער ניט די מיניסטאָרען,

אויב זיי ווערען איבערגעגעבען צום משפט דורך דער פּאַלאַטע. ער האָט דאָס רעכט צו געבען אָרדענס (מעדאַלען) און אַנדערע סמנים פֿון אויסצייכנונג. ער האָט דאָס רעכט צו אויסקלאַפּען מטבעות. דער קעניג רופֿט צוזאַמען ביידע פּאַלאַטעס און שליסט זייערע זיצונגען. דער קעניג קען פֿאַנאַנדערלאָזען ביידע פּאַלאַטעס צוזאַמען אָדער יעדע בעזונדער. נייע וואַהלען מוזען בעשטימט ווערען ניט שפּעטער פֿון 2 מאָנאַטען נאָכ'ן פֿאַנאַנדערלאָזען פֿון דער פּאַלאַטע. דער קעניג קען אָבלעגען די זיצונגען פֿון די פּאַלאַטעס אויף 13 טעג ניט מעהר ווי איין מאָל אין יעדער סעסיע.

## 4. די פּאַלאַטעס.

דער פּאַרלאַמענט בעשטעהט פֿון: 1) **דער דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע** און 2) **דער העררן־פּאַלאַטע**. די וואַהלען אין דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע זענען אַלגעמיינע פֿאַר אַלע בירגער, וועלכע זענען ניט אינגער פֿון 25 יאָהר, אָבער **ניט קיין גלייכע**, **ניט קיין דירעקטע** און **ניט קיין געהיימע**. אין פּרייסען עקזיסטירט **אַ דריי־קלאַסען־סיסטעם** פֿון וואַהלען, דאָס הייסט אַלע וועהלער פֿון יעדען בעצירק ווערען איינגעטיילט אויף 3 קלאַסען, לויט די פּאָדאַטקעס, וואָס זיי צאָהלען. אין ערשטען קלאַס געהען אַריין די, וואָס צאָהלען די **גרעסטע** פּאָדאַטקעס, ד. ה. די רייכסטע קאַפּיטאַליסטען און ערד־בעזיצער, אין **צווייטען** קלאַס — די, וואָס צאָהלען ווייניגער, ד. ה. די מיטעלע איינגענטהימער, אין **דריטען** קלאַס — די, וואָס צאָהלען נאָך ווייניגער און די וואָס צאָהלען גאָר ניט. די קלאַסען ווערען אַזוי איינגעטיילט, אַז אויף יעדען קלאַס נעהמט זיך אָן **אַ גלייכע סומע פּאָדאַטקעס**, דאָס הייסט **אַלע** מיטגליעדער פֿון איין קלאַס טראָגען אַריין צוזאַמען אַזוי פֿיעל פּאָדאַטקעס, ווי די מיטגליעדער פֿון דעם צווייטען אָדער פֿון דעם דריטען. דערפֿון נעהמט זיך, אַז די צאָהל וועהלער אין יעדען קלאַס איז ניט גלייך: אין ערשטען קלאַס זעהר ווייניג, אין צווייטען אַ ביסעל מעהרער, אין דריטען — נאָך מעהרער (למשל, אויב אויף יעדען קלאַס נעהמט זיך אָן 10,000 מאַרק פּאָדאַטקעס, קען אויסקומען, אַז אין ערשטען קלאַס זאָל זיין 2 וועהלער, וואָס צאָהלען יעדערער צו 5 טויזענד מאַרק פּאָדאַטקעס, אין צווייטען קלאַס — 10 וועהלער, וואָס צאָהלען צו טויזענד מאַרק און אין דריטען — **צוויי טויזענד** וועהלער, וואָס צאָהלען דורכשניטליך צו 5 מאַרק). **יעדער קלאַס האָט אַ גלייכע צאָהל**

שטימען ביי די וואַהלען: דער ערשטער קלאַס אַזויפיעל שטימען ווי דער צווייטער אָדער דער דריטער. אויף דער פּראַקטיק קומט אויס, אַז 3 וועהלער (ערשטער קלאַס) אָדער 10 וועהלער (צווייטער קלאַס) האָבען אַזויפיעל שטימען, ווי 90 וועהלער פון דריטען קלאַס.

די וואַהלען ווערען אונדירעקטע. די בעפעלקערונג פון יעדען קלאַס אין אַ געוויסען בעצירק קלייבט וואַהל־מענער לויט דעם חשבון פון איין וואַהל־מאַן אויף 250 וועהלער, די וואַהל־מענער פון אַלע קלאַסען קומען זיך צוזאַמען און קלייבען אַ דעפּוטאַט. און אַזוי ווי וואַהל־מענער פון די ערשטע צוויי קלאַסען איז פאַראַן פונקט 2 מאָל אַזוי פיעל, ווי וואַהל־מענער פונ'ם דריטען קלאַס, דעריבער קענען זיי ביידע צוזאַמען שטענדיג דורכוואַרפען דעם קאַנ־דידאַט פונ'ם דריטען קלאַס.

די וואַהלען ווערען אָפענע אויף אַלע שטופען.

דער דעפּוטאַט טאָר ניט זיין אינגער פון 30 יאָהר. די דע־פּוטאַטען ווערען אויסגעקליבען אויף 5 יאָהר. אויף די זיצונגען דאַרף זיין אַנ'אַבסאָלוטע מעהרהייט פון די דעפּוטאַטען. די דעפּוטאַטען בע־קומען געהאַלט 15 מאַרק אַ טאָג.

די הערען־פּאַלאַטע בעשטעהט צום טייל פון אַזוינע אַריסטאָקראַטען־פּריצים, וועלכע בעקומען זייער מיטגליעדערשאַפט אין פּאַלאַטע בירושה, צום טייל פון אַזוינע, וואָס דער קעניג בעשטימט זיי. די מיטגליעדער פון דער הערען־פּאַלאַטע דאַרפען זיין ניט אינגער פון 30 יאָהר, אחוץ די גרויס־פירסטען פון דעם קעניג'ס משפחה, וועלכע מעגען זיין אינגער אויך.

ביידע פּאַלאַטעס נעהמען אָן זייערע בעשלוסען, אחוץ איינינע אויסנאַהמס־פאַלען, מיט אַנ'אַבסאָלוטער מעהרהייט פון שטימען. די אינוועניגסטע אָרדנונג אין פּאַלאַטע בעשטימט יעדע פּאַלאַטע פאַר זיך. די מיטגליעדער פון די פּאַלאַטעס שווערען, אַז זיי וועלען פאָל־גען דעם קעניג און זיין טריי דער קאָנסטיטוציע.

## 5. די קאָמפּעטענץ פון די פּאַלאַטעס.

אָהן דעם הסכם פון ביידע פּאַלאַטעס קען ניט אַרויסגעגעבען ווערען קיין שום געזעץ. דער בודזשעט און די איבריגע פינאַנץ־פראַגען ווערען פריהער בעטראַכט אין דער דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע, און די הערען־פּאַלאַטע קען זיי נאָכדעם אָדער אָננעהמען אינגאַנצען, אָדער דורכוואַרפען, אָבער ניט אומבייטען. ביידע פּאַלאַטעס האָבען

דאָס רעֶכט פוּן איניציאַטיוו. די רעֶפּוּטאַטעֶן-פּאַלאַטעֶ קעֶן רופעֶן אַ מיניסטעֶר צוּם משפּט נאָר פאַר עוֹבר זיין די קאָנסטיטוּציעֶ, פאַר נעֶהמעֶן שוחד און פאַר פעֶררעֶט.

### 6. דעֶר מיניסטאָרעֶן-קאַבינעֶט.

די מיניסטאָרעֶן ווערעֶן בעֶשטימט פוּנ'ם קעֶניג. זיי קעֶנעֶן נעֶה-מעֶן אַנטייל אין די דיסקוּסיעֶס פוּן יעֶדעֶר פּאַלאַטעֶ. די מיניסטאָרעֶן זעֶנעֶן פאַר די פּאַלאַטעֶס ניט פעֶראַנטוואָרטליך. אין דעֶם משך צייט צווישעֶן איין סעֶסיעֶ פוּן די פּאַלאַטעֶס און דעֶר צווייטעֶר קעֶנעֶן די מיניסטאָרעֶן אַרויסגעֶבעֶן דעֶרוויילינגעֶ געֶזעֶצעֶן, וועֶלכעֶ ווערעֶן פוּן די פּאַלאַטעֶס בעֶטראַכט אין דעֶר נאָהעֶנטסטעֶר קוּמעֶנדיגעֶר סעֶסיעֶ.

### 7. פינאַנסעֶן, אַרמעֶע, פּאָליציי, געֶריכט, קירכעֶ, ביל-דוּנג, אויטאָנאָמיע.

דעֶר געֶריכט איז אָבהעֶנגיג נאָר פוּנ'ם געֶזעֶץ. די ריכטעֶר פעֶרנעֶהמעֶן זייעֶר שטעֶל ביז'ן טויט. פעֶרלאָזעֶן זייעֶר שטעֶל קעֶנעֶן זיי פריוויליג; דעֶר געֶזעֶץ ווייזט אָבעֶר אָן אויף איינינעֶ פעֶלעֶן, ווען מעֶן קען נויטעֶן די ריכטעֶר פעֶרלאָזעֶן זייעֶר שטעֶל, אָבעֶר נאָר לויט דעֶם אורטייל פוּן געֶריכט. קרימינעֶלעֶ פעֶרברעֶכעֶן ווערעֶן געֶ-משפּט אין אַ געֶריכט פוּן געֶשוואָרענעֶ. די בירגעֶר קעֶנעֶן רופעֶן צוּם געֶריכט די בעֶאַמטעֶ און דאָס מיליטעֶר. די אַדמיניסטראַציעֶ טאָר ניט שטעֶרעֶן אַזוינעֶ פּראָצעֶסעֶן. דאָס מיליטעֶר שווערט ניט צו זיין טריי דעֶר קאָנסטיטוּציעֶ.



# עסטרייך-אונגארן

בעשטעהט פון צוויי קאנסטיטוציאנעלע מאנארכיעס, עסטרייך און אונגארן, וועלכע זענען פאלקאם זעלבסטשטענדיג און ניט אבהענגיג איינע פון דער צווייטע. פערבונדען זענען זיי 1) דורך דעם, וואס איין פערזאן איז מאנארך סיי איבער עסטרייך, סיי איבער אונגארן (דער עסטרייכישער אימפעראטאר (קייזער) איז אויך קעניג פון אונגארן) ; 2) דורך דעם, וואס אי עסטרייך, אי אונגארן קאארדינירען זייערע מעשים און זייער געזעצגעבונג בנוגע צו מיליטער, צו דיפלאמאטישע פארשטעהעריי, גרעניץ-טאריפען, האנדעלס-אבמאכונגען א. אז. וו. (זעה ווייטער: די קאמפעטענץ פון די דעלעגאציעס).

---

## 1. וועגען איבערקוקען די קאנסטיטוציע.

סיי אין עסטרייך, סיי אין אונגארן ווערט די קאנסטיטוציע איבערגעקוקט אויפ'ן געוועהנליכען געזעצגעבענדען שטייגער. א בעשלוס וועגען אומבייטען איינינע פונקטען פון דער קאנסטיטוציע קען אנגענומען ווערען אין דער דעלעגאטען-פאלאטע נור דאן, ווען ס'איז פאראן אויף דער זיצונג ניט ווייניגער פון א העלפט דעלעגאטען און דער בעשלוס ווערט אנגענומען מיט א מערהייט פון צוויי דריטעל שטימען.

## 2. די רעכטען פון די בירגער.

אי אין עסטרייך, אי אין אונגארן: גלייכהייט פון אלע בירגער פאר'ן געזעץ, פרייהייט צו וואהנען אומעטום אין די גרענ-צען פון דער מלוכה, אונבערירליכקייט פון קארעספאנדענץ, פרייהייט פון פעטיציעס, פערזאמלונגען און פעראיינען. פרייהייט פון דער וויסענשאפט און איהר לעהרע ; יעדער בירגער האט דאס רעכט צו גרינדען שולען ; יעדער בירגער האט דאס רעכט צו בעשעפטיגען זיך, מיט וואס ער וויל. יעדעס פאלק האט דאס רעכט צו אונטערהאלטען און צו קולטיווירען (ענטוויקלען) זיין נאציאנאליטעט און זיין שפראך. מען מעג זיך בענוצען מיט אלע שפראכען אין די שולען און ביי'ם אויספיהלען נעוויסע פונקציעס פון דעם מלוכה-לעבען. אין אזוינע געגענדען, וואו די בעפעל-קערונג בעשטעהט פון פערשידענע נאציאנען, דארפען די בילדונגס-

אַנשטאַלטען זיין אָרגאַניזירט אַזוי, אַז יעדער זאָל קענען בעקומען ביל-
דונג אויף זיין אייגענער שפּראַך.

### 3. דער ראש פון דער מלוכה.

איין און די זעלבע פּערזאָן איז אי קייזער פון עסטרייך, אי קע-
ניג פון אונגאַרן. אין ביידע מלוכות געהערט דעם מאָנאַרך דאָס
רעכט צוזאַמענצורופען און פאַנאַנדערלאָזען די פּאַלאַטעס און אָבלעגען
זייערע זיצונגען, דאָס רעכט צו אַרויסגעבען פּעראָרדנונגען, וועלכע
געהען ניט געגען געזעץ, דאָס רעכט צו אָנפיהרען די אַרמעע, ערקלערען
מלחמות, שליסען טראַקטאַטען (אָבמאַכונגען) מיט אַנדערע מלוכות,
שליסען שלום; אַזוינע אָבמאַכונגען, וועלכע לעגען אַרויף אַ משא אויף
דער מלוכה, אָדער אויף אַ טייל פון איהר, אָדער אויף איינצעלנע ביר-
גער, מוזען ווערען בעשטעטיגט דורכ'ן פּאַרלאַמענט.

אין עסטרייך האָט דער קייזער דאָס רעכט אַרויסצו-
געבען דערוויילינגע געזעצען. דער בעריהמטער פּונקט 14
פון דער עסטרייכישער קאָנסטיטוציע ערקלערט: אויב עס קומט פאָר
אַנ'אויסערגעוועהנליכער פאַל, ווען עס ווערט נויטיג צו בענוצען זיך
מיט אַזאַ מיטעל, וועלכעס וואָלט געדאַרפט, לויט דער קאָנסטיטוציע,
אַרומגעקלערט ווערען אין רייכס-ראַט, (פּאַרלאַמענט) און די זיצונגען
פון דעם רייכס-ראַט קומען אין דער צייט ניט פאָר, קען אַזאַ מיטעל
אָנגענומען ווערען אויך אָהן דעם רייכס-ראַט; ס'איז נאָר נויטיג, אַז
דער קייזער זאָל אַרויסגעבען וועגען דעם אַ בעפעהל.
אַזוינע דערוויילינגע געזעצען טאָרען ניט אומבייטען די קאָנסטיטוציע,
ניט אַרויפלעגען קיין שטענדיגע הוצאות אויף דער מלוכה-קאַסע, ניט
פערקלענערן די טעריטאָריע פון דער מלוכה. פאַר די דאָזיגע געזעצען
זענען פעראַנטוואָרטליך פאַר'ן געריכט אַלע מיניסטאָרען צוזאַמען. די
דערוויילינגע געזעצען מוזען אַריינגעטראָגען ווערען, אויף צו ווערען בע-
שטעטיגט, אין רייכס-ראַט אין דער נאָהענטסטער סעסיע, אויב ניט —
פערלירען זיי די קראַפט פון געזעצען. זיי פערלירען אויך זייער קראַפט,
אויב איינע פון די פּאַלאַטעס האָט זיך אַרויסגעזאָגט געגען זיי.

דער דאָזיגער פּונקט פון דער קאָנסטיטוציע גיט אייגענטליך
דעם עסטרייכישען קייזער די רעכטען פון אַ אונבעגרענצטען הערשער:
אויב דער רייכס-ראַט וויל ניט מסכים זיין אויף אַ וועלכע ניט איז פאָר-
לאַגע פון דער רעגירונג, קען דער קייזער איהם פאַנאַנדערלאָזען און
אַרויסגעבען דעם געוואונשטען געזעץ אויפ'ן „אויסערגעוועהנליכען"
שטייגער.

## 4. די פּאַלאַטעס.

א. עסטרייך.

דער פּאַרלאַמענט (רייכס־ראַט) בעשטעהט פון 1) אַ דעלעגאַ־טען־פּאַלאַטע און 2) אַ הערען־פּאַלאַטע. די דעלעגאַטען־פּאַלאַטע בעשטעהט פון 425 דעלעגאַטען, וועלכע ווערען אויסגעקליבען אויף 6 יאָהר. די וואַהלען קומען פאַר אַזוי*). די גאַנצע בעפעלקערונג ווערט איינגעטהיילט אויף 5 קוריעס. אין דער ערשטער קוריע געהן אַריין די גרויסע ערד־בעזיצער. זיי שיקען פון זיך 85 דעלעגאַטען. ביי די וואַהלען פון 1901 יאָהר איז אין דער ערשטער קוריע געוועזען סך־הכל 5431 וועהלער. די ערשטע קוריע איז די איינציגע, וואו עס האָבען וואַהל־רעכט פרויען, געזעלשאַפטען, פעראיינען, געזעלשאַפטליכע איינ־ריכטונגען, צדקה־חברות. אין דער צווייטער קוריע געהען אַריין די שטאָדט־איינוואָהנער, וועלכע צאָהלען געוויסע פּאָדאַטקעס; זי קלייבט 118 דעלעגאַטען. אין 1901 יאָהר איז זי בעשטאַנען פון 493,804 וועהל־לער. די דריטע קוריע, די קוריע פון האַנדעלס־פּאַלאַטעס (פון גרויס־קאַפּיטאַליסטען) קלייבט 21 דעלעגאַטען; אין 1901 יאָהר איז זי בעשטאַנען פון 556 וועהלער; די פערטע קוריע — פון דאָרף־איינוואָהנער — קלייבט אויס 129 דעלעגאַטען; זי איז בעשטאַנען פון 1,585,466 וועהלער. אין דער פינפטער קוריע געהען אַריין אַלע איבעריגע איינוואָהנער פון עסטרייך, מאַנספערזאָנען, וועל־כע האָבען דאָס לעצטע האַלבע יאָהר פאַר די וואַהלען געוואָהנט אויף איין אָרט; אין דער דאָזיגער קוריע איז אין 1901 יאָהר געוועזען 5 מי־ליאָן 4222 וועהלער און זיי אַלע קלייבען 72 דעלעגאַ־טען. אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז איין וועהלער פון דער דריטער קוריע האָט אַזוי פיעל שטימען, וויפיעל אַנ'ערך 2500 וועהלער פון דער פינפטער קוריע. יעדערער, וועד ס'האָט אַזאַ צענז, אַז ער קען אַריינגעהן אין עטליכע קוריעס, (למשל אַ ערד־בעזיצער, וועלכער צאָהלט פּאָדאַטקעס אין שטאָדט פאַר אַ הויז,) קען אָבגעבען זיין שטי־מע אין יעדערער פון די דאָזיגע קוריעס בעזונדער. אין די שטעדט זענען די וואַהלען דירעקטע. אין די דערפער — אונדירעקטע (דורך וואַהל־מענער). אין איניגע פּראָווינצען זענען די וואַהלען געהיימע, אין איניגע — אָפענע.

*) איצט פון 1906 יאָהר איז שוין אויסגעאַרבייט און ס'ווערט דעבאַ־טירט אין פּאַרלאַמענט פין עסטרייך אַ פּראָעקט פון אַלגעמיינע און גלייכע וואַהל־רעכט.

פאר דעלעגאטען קענען אויסגעקליבען ווערען אזוינע עסטרייכער בירגער, וועלכע זענען ניט אינגער פון 30 יאהר און וואהנען אין זייער וואהל־בעצירק ניט ווייניגער פון 3 יאהר. בעאמטע, אז מען קלייבט זיי אויס פאר דעלעגאטען, דארפען ניט אנגעבען אין דעמיסיע. די דעלעגאטען־פאלאטע קלייבט אויס איהר פארזיצענדען. די בעשלוסען פון דער דעלעגאטען־פאלאטע האבען ניט קיין קראפט, אויב ס'איז געווען אויף דער זיצונג ווייניגער פון 100 דעלעגאטען. אפילו ווען מען כאפט א דעלעגאט אויפ'ן ארט פון א פערברעכען — „ביי דער האנד“, זענען די געריכט־בעאמטע מחויב מודיע צו זיין וועגען דעם תיכף דער פאלאטע און אויב יענע וועט דאס פאדערן — ארויסלאזען דעם דעלעגאט אויף דער פריי, ביז ס'וועט זיך ניט ענדיגען דער טערמין, אויף וועלכען די דעלעגאטען זענען אויסגעקליבען.

די הערען־פאלאטע בעשטעהט 1) פון אזוינע מיטגלידער וואס בעקומען זייער מיטגלידערשאפט בירושה, 2) פון דעם עלסטען בישאף און איינינע געוועהנליכע בישאפען (גלחים) און 3) פון אזוינע מיטגלידער, וואס דער קייזער בעשטימט זיי „צו זיצען אין הערען־פאלאטע וויפיעל זיי וועלען לעבען“. אין דער הערן־פאלאטע געהען אויך אריין די דערוואקסענע מיטגלידער פון דער קייזערליכער משפחה. דער פארזיצענדער פון דער הערען־פאלאטע ווערט בעשטימט דורכ'ן קייזער.

ב, אונגארן.

דער אונגארישער פארלאמענט בעשטעהט פון 1) א דעלעגאטען־פאלאטע און 2) א מאגנאטען־פאלאטע. די דעלעגאטען־פאלאטע בעשטעהט פון 413 דעלעגאטען אויסגעקליבענע אינ'ם גאנצען לאנד, אחוץ דעם פון 40 דעלעגאטען פונ'ם קראאטישען פארלאמענט (קראאציען — א פראווינץ אין אונגארן) — וועלכע גיבען אב זייערע שטימען נאר אין אזוינע פראגען, וואס האבען א שייכות צו קראאציען, און פון 4 דעלעגאטען פון דער שטאדט פיומע. די וואהלען אין דעלעגאטען־פאלאטע זענען אפענע און מונדליכע (מען דערלאנגט ניט קיין וואהל־צעטלען, נאר יעדער וועהלער זאגט בעל־פה, פאר וועמען ער גיט אב זיין שטימע). די וואהל־בעצירקען זענען זעהר ניט גלייך: אין איינינע איז פאראן ניט מעהר פון 2־3 הונדערט וועהלער, אין איינינע — ביז 6 טויזענד. וואהל־רעכט האבען נאר די, וואס האבען א בילדונגס־צענז אדער א פערמעגענס־צענז. עס טארען בכלל ניט נעהמען קיין אנטהייל אין די וואהלען: מענשען, וואס געפינען זיך אונטער א אפיעקע; הויז־בעדיענטע;

שילער; לוין־אַרבייטער וואָס זענען פּערטמען ביי דער ערד־אַרבייט; איינינע פֿון די פּערזאָנען, וואָס זענען בעשטראָפֿט געוואָרען לויט געריכט; בעלי־חובות וואָס צאָהלען ניט; פּערזאָנען, וועלכע האָבען ניט אָבגעצאָהלט פֿאַר אַ גאַנץ יאָהר די פּאָדאַטקעס, וואָס ס׳קומט פֿון זיי; סאָלדאַטען און אָפֿיצירען; זשאַנדאַרמען, פּאָליציי־אַגענטען און גרעניץ־אויפֿזעהער. דער פֿערמעגענס־צענז איז זעהר ניט גלייך. עס האָבען וואַהל־רעכט: 1) אין דער גאַנצער מלוכה די וואָס צאָהלען פּאָדאַטקעס פֿאַר אַ קוואַרטיר אין אַזאַ הויז, וועלכעס ברענגט אַלע יאָהר ניט וועניגער פֿון 150 פֿלאָרין הכנסה, די וואָס צאָהלען פּאָדאַטקעס פֿאַר אַ פֿערמעגען (אַ הויז אָדער אַ קאַפּיטאַל), וועלכעס טראָגט איין אַלע יאָהר ניט וועניגער פֿון 105 פֿלאָרין; די וואָס צאָהלען פּאָדאַטקעס פֿאַר האַלטען (אין דאָרף) אַ לוין־אַרבייטער אין זייערווירטשאַפֿט. עס האָבען אויך וואַהל־רעכט אין די שטעדט די איינגענטהימער פֿון אַ הויז מיט ניט וועניגער ווי 3 קוואַרטירען, הגם דאָס הויז מעג אַפֿילו אויף אַ צייט זיין בעפֿרייט פֿון פּאָדאַטקעס, און די איינגענטהימער פֿון אַ שטיקעל ערד אין שטאָדט מיט אַ הכנסה ניט וועניגער פֿון 16 פֿלאָרין אַ יאָהר; 2) אין דער פּראָווינץ אונגאַרן (אַ טייל פֿון אונגאַרישער מלוכה) האָבען וואַהל־רעכט אַלע די וואָס בעזיצען פֿון 8 — ביז 10 יאָך ערד (אַ אונגאַרישער יאָך איז אַנ׳ערך אַ האַלבע דעסיאַטינע); 3) אין טראַנסילוואַניען (אַ פּראָווינץ פֿון אונגאַרן) האָבען וואַהל־רעכט די איינגענטהימער פֿון אַ הויז אָדער אַ שטיקעל ערד מיט אַ ריינער הכנסה פֿון ניט וועניגער ווי אַנ׳ערך 73 פֿלאָרין, אַחוץ דעם האָט דאָרט יעדער געמיינדע דאָס רעכט צו אויסקלייבען פֿון זיך איינעם אָדער צוויי וועהלער.

לויט דעם בילדונגס־צענז האָבען וואַהל־רעכט: די מיטגליעדער פֿון דער וויסענשאַפֿט־אַקאַדעמיע, די פּראָפֿעסאָרען, אינזשענערען, נאָטאַריוסען, דאָקטוירים, אַפּטייקערס, אַדוואָקאַטען, אַגראָנאָמען, דיפּלאָמירטע וואַלד־פֿערוואַלטער, גייסטליכע, לעהרער, געמיינדע־סעקרעטערס.

עס האָבען וואַהל־רעכט אָהן אַ צענז די פּערזאָנען, וואָס האָבען לאַנגאָנענדיגע פּריווילעגיעס דערויף — נאָך פֿון פֿאַר דעם 1848 יאָהר. אין פּענסילוואַניען איז אַזוינע וועהלער פֿאַראַן 5 מאָל אַזוי פֿיעל, ווי וועהלער מיט אַ צענז.

די דעלעגאַטען־פּאַלאַטע ווערט אויסגעקליבען אויף 5 יאָהר. אויסגעקליבען קען ווערען יעדערער, ווער עס קען נאָר די אונגאַרישע שפּראַך. די סעסיע קומט פֿאָר יעדעס יאָהר. די פּאַלאַטע קלייבט אַליין אויס אַ פֿאָרזיצענדען. די זיצונגען זענען שטענדיג עפֿענטליך.

די מאגנאטען־פאלאטע בעשטעהט 1) פון מיטגליעדער, וואס פערנעהמען די דאזיגע שטעל בירושה, 2) פון די מיטגליעדער פון דער רעגירונג און 3) פון אזוינע מיטגליעדער, וואס דער קעניג בעשטימט זיי צו זיצען אין פאלאטע ביז זייער טויט. די לעצטע בעשטימט דער קעניג פון דער צאהל 50 קאנדידאטען, וועלכע די מאגנאטען־פאלאטע שטעלט איהם צו. און די פאלאטע שטעלט איהם צו נאר אזוינע קאנדידאטען, וואס צאהלען פאר זייער ערד ווענינער ווי 6000 פלארין פאדאטקעס א יאהר, ווייל די וואס צאהלען 6000 אדער מעהר, קענען האבען מיטגליעדערשאפט אין מאגנאטען־פאלאטע בירושה.

ג. די דעלעגאציעס פון עסטרייך און אונגארן.

ווי מיר האבען שוין אויבען דערמאנט, וועגען עסטרייך און אונגארן פערבונדען, אחוץ דער פערזאן פונ'ם מאנארך, נאך דורך איינינע אלגעמיינע ענינים. אלגעמיין וועגען ביי זיי ביידען: 1) די פראגען פון אויסערליכער פאליטיק (אין דיפלאמאטישען און קאמערציעלען הינזיכט איז אין אויסלאנד פערטרעטען די עסטרייך־אונגארישע מאנארכיע אלס איין גאנצע מלוכה; אין נאמען פון דער דאזיגער גאנצער מאנארכיע ווערען בעשלאסען האנדעלס־אבמאכונגען מיט די פרעמדע מלוכות); 2) די פראגען פון בעשיצונג פאר אני־אויסערליכען שונא, ד. ה. די ארמעע און דער פלאט; 3) די פינאנץ־פראגען, ד. ה. אלעס וואס איז שייך צו די אלגעמיינע הוצאות פון דער גאנצער עסטרייך־אונגארישער מאנארכיע און צו די הכנסות אויף צו דעקען די דאזיגע הוצאות.

כדי צו פערנעהמען זיך מיט די דאזיגע אלגעמיינע פראגען, עקזיסטירט, אחוץ דעם עסטרייכישען און דעם אונגארישען פארלאמענט, א מין פארלאמענטארישע איינריכטונג מיט'ן נאמען דעלעגאציעס. דער עסטרייכישער פארלאמענט קלייבט אויס פון זיך 60 דעלעגאטען (40 פון דער דעלעגאטען־פאלאטע, 20 פון דער הערען־פאלאטע), דער אונגארישער פון זיינע מיטגליעדער אויך 60 (40 פון דער דעפוטאטען־פאלאטע, 20 פון דער מאגנאטען־פאלאטע). די 60 עסטרייכישע דעלעגאטען — דאס איז די עסטרייכישע דעלעגאציע, די 60 אונגארן — די אונגארישע דעלעגאציע.

די דעלעגאציעס פערנעהמען זיך מיט די אויבען דערמאנטע אלגעמיינע עסטרייך־אונגארישע ענינים און זיי בעשטימען דעם אלגעמיינעם בידזשעט. די זיצונגען פון די דעלעגאציעס קומען פאר אין איין שטאדט, אבער בעזונדער איינע פון דער אנדערער: יעדע בעזונדער הערט אויס דעם בעריכט פון די אלגעמיינע מיניסטארען, יעדע בעזונ־

דער רעפּאַטירט פֿראַגען אין נעהמט אָן בעשלוסען. אויפֿטראָגען צווישען זיך טראָגען זיי זיך אויף נאָר שריפֿטליך. ווען זיי קענען אָבער זיך ניט אויסגלייכען אין אַ וועלכער ניט איז פֿראַגע, דאַן קומען זיי זיך צוזאַמען אויף אַנ׳אַלגעמיינע זיצונג און נעהמען אָן אַ בעשלוס מיט אַנ׳אַבסאָלוטער מעהרהייט פֿון שטימען.

כדי צו ערפֿילען די בעשלוסען פֿון די דעלעגאַציעס, עקזיסטירט אַנ׳אַלגעמיינע עסטרייך־אונגאַרישע רעגירונג, וועלכע בעשטעהט פֿון אַנ׳אַלגעמיינעם מיניסטער פֿון אויסלענדישע ענינים, אַנ׳אַלגעמיינעם קריעגס־מיניסטער און אַנ׳אַלגעמיינעם פֿינאַנץ־מיניסטער.

## 5. די קאָמפּעטענץ פֿון די פּאַלאַטעס.

א. עסטרייך.

דער רייכס־ראַט (ביידע פּאַלאַטעס) האָט פֿאָלגענדע קאָמפּעטענץ: אַ) ער קלערט אַרום און בעשטימט די האַנדעלס־אָבמאַכונגען, ווי אויך אַזוינע פּאָליטישע אָבמאַכונגען, וועלכע לעגען אַרויף אַ משׂא אויף דער גאַנצער מלוכה, אויף איינעם פֿון איהרע טהיילען אָדער אויף איינצעלנע בירגער, אָדער אַזעלכע אָבמאַכונגען, וועלכע קענען ברייגגען דערצו, אַז ס׳זאָל בעהרירט ווערען די גאַנצקייט פֿון דער מלוכה־טעריטאָריע; ב) ער קלערט אַרום די פֿראַגען, וואָס זענען שייך צום מיליטער: די צאָהל יאָהרען, וועלכע ס׳דינען די סאָלדאַטען, די אָרדנונג פֿון דער דינסט, ער בעשטימט יעדעס יאָהר, וויפֿיעל מען דאַרף צונעהמען יונג־לייט פֿאַר סאָלדאַטען, ער גיט אַרויס תקנות וועגען שפּייז און וואָהנונגען פֿאַר׳ן מיליטער; ג) ער רעגלאַמענטירט דעם בידזשעט, בעשטימט יעדעס יאָהר די פּאָדאַטקעס און די גרעניץ־אָבצאָהלונגען, מאַכט נייע הלואות, האָט צו שאַפֿען איבער די אַלטע, ער גיט בכלל אַרויס געזעצען וועגען אַלע פֿינאַנץ־ענינים; ד) ער גיט אַרויס תקנות וועגען די מטבעות־סיסטעם, די גרעניץ־פֿראַגען און די האַנדעלס־ענינים, די טעלעגראַפֿען, פּאָסט, אייזענבאַהנען, דאַמפּף־שיפֿען און אַלע אַנדערע פֿערקעהרס־מיטלען; ה) ער גיט אַרויס געזעצען וועגען קרעדיט, באַנק, אינדוסטריע, מאָסען און וואָגען; ו) ער גיט אַרויס געזעצען וועגען מעדיצין; ז) ער גיט אַרויס געזעצען וועגען די רעכטע פֿון די בירגער און די נאַציאָנען, ער שיצט די אויסלענדער, ער גיט אַרויס תקנות וועגען פּאַספּאָרט־ענינים; ח) ער גיט אַרויס געזעצען וועגען די אמונה־פֿראַגען, וועגען די רעכטען פֿון חברות און פֿעראיינען, וועגען פּרעסע און וועגען פֿערזיכערן דעם ליטעראַרישען אייגענטהום; ט) ער בעשטימט די אָרדנונג, ווי מען דאַרף לערנען אין די פֿאָלקס־

שולען און די גימנאַזיעס, ער גיט אַרויס געזעצען וועגען די אוני=
ווערזיטעטען; י) ער גיט אַרויס די שטראָף=געזעצען און געזעצען
וועגען פּאָליציילּיכע בעשטראָפֿונג; ער גיט אַרויס ציוויל=געזעצען,
האַנדעלס=געזעצען און געזעצען וועגען גרובען (מינען); כ) ער גיט
אַרויס געזעצען, אויף וועלכע יסודות עס דאַרף זיין אָרגאַניזירט דער
געריכט און די אַדמיניסטראַציע; ל) ער גיט אַרויס געזעצען וועגען די
אַלגעמיינע רעכטען פֿון די בירגער (ווי דאָס פֿאָדערט די קאָנסטיטוציע),
וועגען דעם מלוכה=געריכט, דער מאַכט פֿון דעם געריכט, פֿון דער
רעגירונג און וועגען דער עקזעקוטיווער מאַכט; מ.) געזעצען וועגען
די פּאָליטען און די בעציהונגען צווישען איינצעלנע מלוכות (וואָס
געהערען צו עסטרייך); נ) ער בעשטימט, אין אַ וועלכער פֿאָרם דאַר=
פֿען אַרומגעקלערט ווערען די ענינים, וועלכע ווערען אַנערקענט אי פֿון
עסטרייך, אי פֿון אונגאַרן, אַז זיי האָבען אַן'אַלגעמיינעם אינטערעס.

קיין שום געזעץ טאָר ניט אַרויסגעגעבען ווערען אָהן דעם הסכם
פֿון ביידע פּאַלאַטעס (אַחוץ די דערוויילּיגע געזעצען, וועלכע ווערען
אַרויסגעגעבען אויפ'ן סמך פֿונ'ם פונקט 14; (זעה: די קאָמפּעטענץ
פֿונ'ם קייזער אין עסטרייך). די פּאַלאַטעס האָבען דאָס רעכט פֿון
געזעצגעבענדער איניציאַטיוו; זיי קענען אינטערפּעלירען (שטעלען פֿראַ=
גען) די מיניסטאָרען וועגען זייערע מעשים. אויב ביידע פּאַלאַטעס
קענען זיך ביז'ן סוף סעסיע ניט אויסגלייכען וועגען בודזשעט, רעכענט
זיך, אַז ס'איז אָנגענומען די קלענערע פֿון די סומען, וועגען וועלכע
מ'האָט דעבאַטירט.

ב. אונגאַרן.

די פּאַלאַטעס האָבען געזעצגעבענדע איניציאַטיוו; זיי האָבען דאָס
רעכט צו בעשטימען דעם בודזשעט און די צאָהל רעקרוטען, וואָס מען
דאַרף נעהמען יעדעס יאָהר. קיין שום געזעץ טאָר ניט ווערען אַרויס=
געגעבען אָהן דעם הסכם פֿון די פּאַלאַטעס. זיי האָבען דאָס רעכט
צו אינטערפּעלירען די מיניסטאָרען. די דעלעגאַטען=פּאַלאַטע קען רופֿען
די מיניסטאָרען צום געריכט. דער געריכט בעשטעהט פֿון מיטגלידער
פֿון דער מאַגנאַטען=פּאַלאַטע.

6. דער מיניסטאָרען=קאַבינעט.

אין עסטרייך איז קיין פּאָליטישע פֿעראַנטוואָרט=
ליכקייט פֿון די מיניסטאָרען ניטאָ: דער פּאַרלאַמענט קען זיי אויס=
דריקען אונצופֿרידענהייט, ער קען אַפּילו דורכוואַרפֿען אַ געזעץ=פּראָעקט, וואָס

די מיניסטאָרען לעגען פאָר — און יענע זענען פאָרט ניט מחויב אָנצוגעבען אין דעמיסיע. פאַר עובר זיין די קאָנסטיטוציע און אַנדערע פ ע ר ב ר ע כ ע ן קענען זיי גערופען ווערען צום משפט; אַ בעשלוס וועגען דעם דאַרף אָנגענומען ווערען אין פאַרלאַמענט מיט אַ מעהרהייט ניט וועניגער פון $2/3$ שטימען.

א י ן  א ו נ ג א ר ן  בעשטימט דער קעניג נאָר דעם מיניסטער־פּרעזידענט, און ער קלייבט שוין אַליין אויס פאַר זיך חברים — די איבריגע מיניסטאָרען. איינער פון די מיניסטאָרען געפינט זיך שטענדיג ביים קעניג און נעהמט אַנ'אַנטייל אין אַלע פראַגען, וואָס האָבען אַ שייכות צו אונגאַרן. ס'איז פאַראַן אין אונגאַרן פּ אָ ל י ט י ש ע  פ ע ר־ אַ נ ט וו אָ ר ט ל י כ ק י י ט פון די מיניסטאָרען. די דעלעגאַטען־פּאַלאַטע קען זיי אויך רופען צ ו ם  ג ע ר י כ ט (דער געריכט בעשטעהט פון מיטגלידער פון דער מאַגנאַטען־פּאַלאַטע) פאַר אַזוינע מעשים, וואָס שאַדען דער אונאַבהענגיגקייט פון דער מלוכה, אָדער וואָס געהען געגען דער קאָנסטיטוציע, געגען די גרונד־געזעצען, געגען פּערזענליכער פרייהייט און אונבערירבאַרקייט פון פּריוואַט־אייגענטהום; זי קען זיי רופען צום געריכט דערפאַר, וואָס זיי ערפילען זייער דיענסט נאַכלעסיג, אָדער דערפאַר, וואָס זיי פערשווענדען מלוכה־געלד.

ד י  אַ ל ג ע מ י י נ ע  ע נ י נ י ם  פ ו ן  ע ס ט ר י י ך־א ו נ ג אַ ר ן געפינען זיך אין די הענד פון אַנ'אַ ל ג ע מ י י נ ע ם מיניסטעריום (זעה די ד ע ל ע ג אַ צ י ע ס). די מיניסטאָרען זענען פעראַנטוואָרטליך פאַר די דעלעגאַציעס. די דעלעגאַציעס קענען רופען די מיניסטאָרען צום געריכט.

## 7. פ י נ אַ נ ס ע ן,  אַ ר מ ע ע,  פּ אָ ל י צ י י,  א ו ן  ז אָ  וו י י ט ע ר.

מיליטער־געריכט און אויסערגעוועהנליכער געריכט קענען געברויכט ווערען נאָר אין אַזוינע פאַלען, וואָס זענען בעשטימט אין געזעץ. די ריכטער פערנעהמען זייער שטעל ביז'ן סוף פון זייער לעבען. די ריכטער שווערען צו זיין טריי דער קאָנסטיטוציע. שווערע קרימינאַל־פערברעכען ווערען גע'משפט אין אַ געריכט פון געשוואָרענע. די העכסטע אינסטאַנץ פון געריכט געפינט זיך אין ווין. אויף אַנ'אַדמיניסטראַטיווען פסק־דין קען יעדערער אַפּעלירען צום געוועהנליכען געריכט. דער מ ל ו כ ה־ג ע ר י כ ט טראָגט אַרויס אַנ'אורטייל, ווען עס טרעפט אַ ספק צווישען דער מאַכט פון געריכט, פון דער רעגירונג און פון די אויטאָנאָמע זעלבסטפערוואַלטונגען.

# בֶּעלְגִיעֶן

## אַ קָאנְסְטִיטוּצִיאָנֶעלֶע מָאנַארכִיע.

### 1. װעֶגעֶן אִיבּעֶרקוּקעֶן די קָאנסטִיטוּצִיעֶ.

ווִי באַלד בּיִידעֶ פּאַלאַטעֶס און דעֶר קעֶנִיג געֶפִינעֶן, אַז ס'אִיז נוּיטִיג אִיבּעֶרצוּקוּקעֶן די קָאנסטִיטוּצִיעֶ, ווערעֶן גלײַך נאָך דעֶם פַאַנאַנדערגעֶלאָזעֶן בּיִידעֶ פּאַלאַטעֶס און ס'ווערעֶן צונויפגערופעֶן נײַעֶ, און ערשט די דאָזִיגעֶ נײַעֶ פּאַלאַטעֶס מאַכעֶן אִין דעֶר קָאנסטִיטוּצִיעֶ די נוּיטִיגעֶ אוּמעֶנדעֶרוּנגעֶן, אוֹיבּ זיִי געֶפִינעֶן דאָס פַאַר נוּיטִיג און אוֹיבּ דעֶר קעֶנִיג אִיז דעֶרוֹיף מסכִים. אוֹיף די פֶערזאַמלוּנגעֶן פוּן די פּאַלאַטעֶס, וואוּ עֶס ווערעֶן דעֶבּאַטִירט און בּעֶשלאָסעֶן די אוּמעֶנדעֶרוּנגעֶן פוּן דעֶר קָאנסטִיטוּצִיעֶ, דאַרף זײַן נִיט וועֶנִיגעֶר וויִ $^2/_3$ מִיטגלִיעדעֶר פוּן יעֶדעֶר פּאַלאַטעֶ און די ההלטות דאַרפעֶן אָנגעֶנוּמעֶן ווערעֶן מִיט אַ מעֶהרהײַט לכל־הפחות פוּן $^2/_3$ פוּן די דעֶפּוּטאַטעֶן, וואָס זעֶנעֶן געֶוועֶן אוֹיף דעֶר פֶערזאַמלוּנג.

### 2. די רעֶכטעֶן פוּן די בּירגעֶר.

קיִינעֶם טאָר מעֶן נִיט האַלטעֶן אִין אַרעֶסט מעֶהר פוּן 24 שעה אָהן אַ בּעֶפעֶהל פוּן דעֶם רִיכטעֶר, אַחוץ די, וואָס מעֶן כאַפּט זיִי בּעת זיִי טהוּעֶן דעֶם פֶערבּרעֶכעֶן. דעֶר משפּט טאָר נִיט צוּנעֶהמעֶן בּײַ קיִינעֶם זײַנעֶ בּירגעֶרלִיכעֶ רעֶכטעֶן. די מלוּכה מִישט זִיך נִיט אִין די אִינוועֶנִיגסטעֶ ענינִים פוּן דעֶר קִירכעֶ, נאָר זי האָט דאָס רעֶכט צוּ רוּפעֶן צוּם משפּט די גײַסטלִיכעֶ גלײַך וויִ אַלעֶ אִיבּרִיגעֶ בּירגעֶר. די קִירכעֶ טאָר נִיט שטעֶלעֶן קײַן חוּפּה, אֵיידעֶר די חתוּנה אִיז נִיט אָנגעֶמעֶלדעֶט בּײַ די צִיווִיל־בּעֶאַמטעֶ. ס'עֶקזִיסטִירט פרײַהײַט צוּ זײַן אַ לעֶהרעֶר, און יעֶדעֶר מעֶג לערנעֶן אַנ'אַנדעֶרן, וואָס עֶר ווִיל; די פּרעֶסעֶ אִיז פרײַ. פאַר אַ פֶערבּרעֶכעֶן געֶגעֶן די געֶזעֶצעֶן פוּן פּרעֶסעֶ אִיז פֶעראַנטוואָרטלִיך נאָר דעֶר מחבר, אוֹיבּ עֶר וואָהנט אִין בּעֶלגִיעֶן. די בּירגעֶר האָבּעֶן דאָס רעֶכט צוּ פֶערזאַמלעֶן זִיך, און מעֶן דאַרף וועֶגעֶן דעֶם פרִיהעֶר דעֶר אַדמִינִיסטראַצִיעֶ נִיט אָנזאָגעֶן. די בּירגעֶר האָבּעֶן דאָס רעֶכט פוּן פּעֶטִיצִיעֶס. פּרִיוואַטעֶ קָארעֶספּאָנדעֶנץ דאַרף זײַן אוּנבּעֶרִיהרט. יעֶדעֶר בּירגעֶר האָט דאָס רעֶכט

צו רופֿען צום משפט יעדען בעאַמטען פֿאַר אַזוינע פֿערברעכען, וואָס יענער האָט אָבגעטהאָן ערפֿילענדיג זיין אַמט; די אַדמיניסטראַציע טאָר קיינעם ניט שטערן אין דעם פּרט.

## 3. דער ראש פֿון דער מלוכה.

דער ראש פֿון דער מלוכה איז דער קעניג. ער בעשטימט (סאַנקציאָנירט) די החלטות פֿונ'ם פּאַרלאַמענט. ער קען פֿאָרלעגען די פּאַלאַטעס געזעצען צום אַרומקלערען, אַחוץ דעם בּיודזשעט און אַחוץ די געזעצען וועגען דער צאָהל רעקרוטען, וואָס מען דאַרף נעהמען יעדעס יאָהר (זעה ווייטער 5). אויב דער קעניג האָט ניט קיין געזעצליכען יורש (קיין זוהן), בעשטימט ער מיט'ן הסכם פֿון די פּאַלאַטעס, אַנ'אַנדער יורש אויף זיין אָרט; אויב דער קעניג קען זיך ניט אויסגלייכען מיט די פּאַלאַטעס, וועמען צו מאַכען פֿאַר אַ יורש, בלייבט דער טראָן לעדיג — אָהן אַ קעניג. דער קעניג טאָר ניט ווערען קיין ראש אין אַנ'אַנדער מלוכה אָהן דעם הסכם פֿון די פּאַלאַטעס. קיין שום אַקט פֿונ'ם קעניג האָט ניט קיין בעדייטונג, אויב דער מיניסטער האָט איהם ניט אונטערגעחתמ'ט (קאָנטראַסיגנירט): דערמיט ווערט דער מיניסטער פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די דאָזיגע אַקטען. דער קעניג האָט ניט קיין שום אַנדערע רעכטען, אַחוץ די, וואָס זענען אויסגעטייטשט אין דער קאָנסטיטוציע און אין די געזעצען, וועלכע ווערען אַרויסגעגעבען אויפ'ן גרונד פֿון דער קאָנסטיטוציע. דער קעניג קען ניט אַרויף אויף זיין טראָן, איידער ער שווערט ניט דער קאָנסטיטוציע. די שבועה גיט ער פֿאַר בּיידע פּאַלאַטעס בזה הלשון: „איך שווער צו פֿאָלגען די קאָנסטיטוציע און די געזעצען פֿונ'ם בעלגישען פֿאָלק, צו פֿערטהיידיגען די אונאַבּהענגיגקייט פֿונ'ם פֿאָלק און די אונבערירהבּאַרקייט פֿון זיין טעריטאָריע". אויב דער קעניג שטאַרבט, איידער זיין יורש איז אַלט געוואָרען 18 יאָהר, פֿערזאַמלען זיך בּיידע פּאַלאַטעס צוזאַמען און בעשטימען אַ דערוויילינגען קעניג (אַ רעגענט) און אַנ'אָפּיעקע איבּער דעם אונדערוואַקסענעם קעניג. אויב די מיניסטאָרען ווערען איבּערצייגט, אַז דער קעניג איז ניט פֿעהיג צו קעניגען, רופֿען זיי תיכף צוזאַמען אַ פֿעראייניגטע פֿערזאַמלונג פֿון בּיידע פּאַלאַטעס, און זיי בעשטימען אַ רעגענט און אַנ'אָפּעקון איבּער'ן יורש.

דער קעניג בעשטימט די מיניסטאָרען און רופֿט זיי אָב פֿון זייער שטעל. ער בעשטימט בעאַמטע, וועדליג עס פֿאָדערט דער געזעץ. ער גיט אַרויס פֿעראָרדנונגען דער אַדמיניסטראַציע. ער איז דער עלטסטער אָנפֿיהרער פֿון דער אַרמעע. ער שליסט טראַקטאַטען

(אָבּמאַכוּנגעֶן) מיִט אַנדעֶרעֶ מלוּכוֹת אוּן איִז מוֹדיִע ווּעֶגעֶן זיִי דיִ פּאַלאַטעֶס. אַזוֹינעֶ טראַקטאַטעֶן, ווּעֶלכֶעֶ לעֶגעֶן אַרוֹיף אַ משׂא אוֹיף דעֶר מלוּכה אָדעֶר אוֹיף דיִ בּיִרגעֶר, מוּזעֶן ווּעֶרעֶן בּעֶשטעֶטיִגט דוּרך דיִ פּאַלאַטעֶס, אַז ניִט האָבּעֶן זיִי ניִט קיין קראַפט. דעֶר קעֶניִג רוּפט צוּנוֹיף דעֶם פּאַרלאַמעֶנט אוֹיף אַנ'אוֹיסעֶראָרדעֶנטליִכעֶר סעֶסיִעֶ. עֶר לאָזט פאַנאַנדעֶר דיִ פּאַלאַטעֶס, נאָר איִן דעֶם זעֶלבּעֶן בּעֶפעֶהל ווּעֶגעֶן פאַנאַנדעֶרלאָזעֶן מוּז עֶר בּעֶשטיִמעֶן אַ נייעֶ צוּזאַמעֶנרוּפוּנג ניִט שפּעֶטעֶר פוּן 2 חדשים נאָכ'ן פאַנאַנדעֶרלאָזעֶן. עֶר האָט דאָס רעֶכט צוּ בּעֶגנאַדיִגעֶן פעֶרבּרעֶכעֶר, נאָר אוֹיבּ אַ מיִניִסטעֶר איִז געֶוואָרעֶן אָנגעֶקלאָגט דוּרך דעֶר פאָרשטעֶהעֶר-פּאַלאַטעֶ אוּן מ'האָט איִהם פעֶרמשפּט, טאָר דעֶר קעֶניִג איִהם ניִט בּעֶגנאַדיִגעֶן, סיידעֶן עֶס פאָדעֶרט דאָס אַיינעֶ פוּן דיִ פּאַלאַטעֶס. עֶר האָט דאָס רעֶכט צוּ מאַכעֶן אַ בּיִרגעֶר פאַר אַנ'אַדעֶליִגעֶן, עֶר קעֶן שעֶנקעֶן טיִטוּלעֶן, וואָס געֶהעֶן איִבּעֶר בּירושה, נאָר אָהן פּריִוויִלעֶגיִעֶס. דיִ ציִוויִל-ליִסטעֶ איִז בּעֶשטיִמט לוֹיט געֶזעֶץ (זיִ בּעֶטרעֶפט דריי מיִליִאָן אוּן דריי הוּנדעֶרט טוֹיזעֶנד פראַנק).

## 4. דיִ פּאַלאַטעֶס.

דעֶר פּאַרלאַמעֶנט איִן בּעֶלגיִעֶן בּעֶשטעֶהט פוּן 2 פּאַלאַטעֶס: דיִ פאָרשטעֶהעֶר-פּאַלאַטעֶ אוּן דעֶר סעֶנאַט. דיִ וואַהלעֶן איִן בּיידעֶ פּאַלאַטעֶס קוּמעֶן פאָר אוֹיפ'ן גרוּנד פוּן אַלגעֶמיינעֶר אוּן געֶהיימעֶר אָבּשטיִמוּנג. דיִ וואַהלעֶן איִן דיִ פאָרשטעֶהעֶר-פּאַלאַטעֶ זעֶנעֶן דעֶרצוּ אוֹיך דיִרעֶקטעֶ. פוּן דיִ סעֶנאַטאָרעֶן ווּעֶרעֶן נאָר צוויי דריִטעֶל אוֹיסגעֶקליִבּעֶן דיִרעֶקט פוּן דעֶר בּעֶפעֶלקעֶרוּנג; דאָס איִבּריִגעֶ דריִטעֶל ווּעֶרט אוֹיסגעֶקליִבּעֶן איִן דיִ אַיינריִכטוּנגעֶן פוּן דיִ אָרטיִגעֶ זעֶלבּסטפעֶרוואַלטוּנגעֶן. קלייבּעֶן דעֶפּוּטאַטעֶן סיי איִן סעֶנאַט, סיי איִן דעֶר פאָרשטעֶהעֶר-פּאַלאַטעֶ מעֶגעֶן אַלעֶ בּעֶלגיִשעֶ בּיִרגעֶר, ווּעֶלכֶעֶ וואָהנעֶן אוֹיף אַ בּעֶשטיִמטעֶן אָרט ניִט ווּעֶניִגעֶר פוּן אַ יאָהר; דיִ ווּעֶהלעֶר איִן פאָרשטעֶהעֶר-פּאַלאַטעֶ דאַרפעֶן זיין ניִט איִנגעֶר פוּן 25 יאָהר, דיִ ווּעֶהלעֶר איִן סעֶנאַט — ניִט איִנגעֶר פוּן 30.

קיין גלייכעֶ וואַהל-רעֶכט עֶקזיִסטיִרט איִן בּעֶלגיִעֶן ניִט. איין ווּעֶהלעֶר קעֶן האָבּעֶן אָדעֶר איין שטיִם, אָדעֶר צוויי, אָדעֶר דריי. איין שטיִם האָט יעֶדעֶר בּיִרגעֶר; 2 שטיִמעֶן האָט: 1) יעֶדעֶר פאַמיִליִעֶן-פאָטעֶר ניִט איִנגעֶר פוּן 35 יאָהר, אַ פעֶרהייראַטעֶטעֶר אָדעֶר אַנ'אַלמן, אוֹיבּ עֶר האָט כּשר'עֶ קיִנדעֶר אוּן צאָהלט יעֶדעֶס יאָהר ניִט ווּעֶניִגעֶר פוּן 5 פראַנק פּאָדאַטקעֶס; 2) יעֶדעֶרעֶר, ווּעֶר ס'פעֶרמאָגט מלוּכה-פּאַפּיִרעֶן אוֹיף אַזאַ סוּמעֶ, ווּעֶלכֶעֶ בּרעֶנגט איִהם יעֶדעֶס יאָהר הכנסה

ניט וועניגער פון 100 פראנק; 3) ווער עס האט א נחלה ניט װעל־
װעלער פון 2000 פראנק. דריי שטימען האט יערערער, װער ס'האט
געענדיגט דעם קורס אין א העכערער אדער אין א מיטעלער שולע,
אדער װער ס'האט אפילו ניט געענדיגט אזא שול, נאר ער פערנעהמט
אזא שטעל, װעלכע בעװייזט, אז ער האט קענטניסען ניט װעניגער
װי דער קורס פון א מיטעל־שול. די, װאס האבען צװיי אדער דריי
שטימען דערלאנגען בעת די װאהלען 2 אדער 3 שטים־צעטלען אנ־
שטאט איינעם. מעהר פון 3 שטימען קען קיינער ניט האבען.

אין בעלגיען איז איינגעפיהרט געװארען א סיסטעם פון פראָ־
פאָרציאָנעלע װאהלען. די דאזיגע סיסטעם פאָדערט, אז
פון יעדען בעצירק זאל קענען שיקען דעפוטאטען אין פארלאמענט
ניט נאר די פארטיי, װאס האט בעקומען א מעהרהייט פון שטימען,
נאר אויך די מינדערהייט זאל האבען איהרע פערטרעטער. ביי פראָ־
פאָרציאָנעלע װאהלען שיקט יעדע פארטיי אזוי פיעל דעפוטאטען,
װעדליג די צאהל שטימען, װאס די פארטיי האט בעקומען. לאמיר
זיך פארשטעלען, למשל, א װאהל־בעצירק פון נײנציג טויזענד װעה־
לער, פון װעלכען עס דארף געשיקט װערען 9 דעפוטאטען, לאמיר
זיך פארשטעלען, אז עס קאנקורירען דארטען 3 פארטייען, װעלכע
שטעלען ארויס יעדע איהרע 9 קאנדידאטען, און איין פארטיי האט
בעקומען 50 טויזענד שטימען, די אנדערע דרייסיג טויסענד, די 3־טע
צעהן טויזענד. ביי א געװעהנליכער װאהל־סיסטעם, װאו די דעפוטא־
טען װערען אויסגעקליבען מיט א מעהרהייט פון שטימען, (מא־
זשאָריטאר־סיסטעם) װאלט אויסגעקומען, אז די ערשטע פארטיי,
װעלכע האט בעקומען העכער א העלפט שטימען (50 פון 90 טוי־
זענד), װאלט געשיקט אין פארלאמענט אלע איהרע 9 קאנדידאטען.
די איבריגע פארטייען װאלטען אין פארלאמענט קיין דעפוטאטען ניט
געהאט. ביי פראפארציאָנעלע װאהלען װערט דאס אנ־
דערש געמאכט. מען רעכענט אויס, װיפיעל שטימען עס נעהמט זיך
אן אויף איין דעפוטאט (אין אונזער ביישפיעל, ביי 9 דעפוטאטען
און 90 טויזענד שטימען, נעהמט זיך אן אויף יעדען 10 טויזענד),
זעהט, װיפיעל שטימען יעדע פארטיי האט בעקומען, און לויט די
דאזיגע צאהל בעשטימט מען, װיפיעל דעפוטאטען יעדע פארטיי דארף
שיקען. די ערשטע פארטיי האט בעקומען 50 טויזענד שטימען —
שיקט זי 5 דעפוטאטען; די צװייטע — 30 טויזענד — שיקט זי 3 דע־
פוטאטען; די דריטע — 10 טויזענד — שיקט זי איין דעפוטאט. די
מינדערהייט, אפילו א קליינע, קען בעקומען א פערטרעטער אין פאר־
לאמענט.

אין בעלגיען זענען די וואהלען א מוז=זאך. יעדערער, וועער עס האט נאר דערצו דאס רעכט, מוז נעהמען אנ'אנטייל אין די וואהלען, אז ניט ווערט ער בעשטראפט און ער קען מיט דער צייט פערלירען איינינע בירגערליכע רעכטען.

די פארשטעהער=פאלאטע ווערט אויסגעקליבען אויף 4 יאהר. דער סענאט — אויף אכט. אלע צוויי יאהר בעניים זיך א העלפט דעפוטאטען, אלע 4 יאהר — א העלפט סענאטארען (עס קומען פאר נייע וואהלען, וואו עס ווערט אויסגעקליבען די ענטשפרעכענדע צאהל דעפוטאטען און סענאטארען). די צאהל פון די סענאטארען איז א העלפט פון דער צאהל דעפוטאטען. די דעפוטאטען בעקומען געהאלט 200 פלארין א חדש; נאר אויב זיי וואהנען שטענדיג אין דעם ארט, וואו עס קומען פאר די זיצונגען פונ'ם פארלאמענט, בעקומען זיי קיין געהאלט ניט. די סענאטארען בעקומען איבערהויפט ניט קיין געהאלט.

יעדע פאלאטע קלייבט אליין אויס א פרעזידיום און א סעקרעטער. די בעשטימונגען ווערען אנגענומען מיט אנ'אבסאלוטער מעהרהייט פון שטימען. אויף די פערזאמלונגען פון יעדער פאלאטע מוז זיין לכל=הפחות אנ'אבסאלוטע מעהרהייט פון אלע דעפוטאטען, אז ניט איז די זיצונג ניט געזעצליך. פערזענליך, אויף זייער איי=גענעם נאמען, טארען די פאלאטעס קיין פעטיציעס ניט אננעהמען. זיי קענען זיי נאר נעהמען אויף איבערצוגעבען די מיניסטארען.

### 5. די קאמפעטענץ פון די פאלאטעס.

בנוגע צום ביודזשעט און צו דער צאהל רעקרוטען, וואס מען דארף נעהמען, געהער דאס איניציאטיוו=רעכט נאר דער דעפוטאטען=פאלאטע אליין. אין אלע איבריגע פראגען האבען ביידע פאלאטעס דאס איניציאטיוו=רעכט, זיי בעשטימען נייע געזעצען, טייטשען אויס דעם פשט פון די עקזיסטירענדע געזעצען. די דעפוטאטען=פאלאטע בעשטימט די מיטגלידער פון דער קאנטראל=פאלאטע (אנ'איינריכטונג, וואס גיט אכטונג אויף די פינאנסען פון דער מלוכה). די פארשטעהער=פאלאטע קען רופען א מיניסטער צום משפט. אויב אין די שטראף=געזעצען איז ניט פאראויסגעזעהען דער סארט פערברעכען, אין וועלכען די דעפוטאטען=פאלאטע בעשולדיגט דעם מיניסטער, דאן בעשטימט זי פון אנפאנג אן, וואס פאר א שטראף עס קומט דעם מיניסטער, אויב עס וועט זיך ארויסווייזען, אז ער איז

שולדיג, און דער געריכט דארף נאר אויספארשען, צו איז ער שול־
דיג, צו ניט.

## 6. דער מיניסטארען־קאבינעט.

פאר א מיניסטער קען מען מאכען יעדען בעלגישען בירגער, נאר ניט די מיטגליעדער פון דעם קעניג׳ס פאמיליע. עס עקזיסטירט פאליטישע פעראנטווארטליכקייט פון די מיניסטא־רען.

## 7. פינאנסען, ארמעע, פאליציי און זא ווייטער.

קיין שום פאדאטקעס פאר דער גאנצער מלוכה קענען ניט ווערען ארויפגעלעגט אויף דער בעפעלקערונג אהן אניענטשפרעכענדען געזעץ, און קיין שום ארטיגע פאדאטקעס (פאר דער ארטיגער זעלבסט־פערוואלטונג) קענען ניט ווערען גענאהנט אהן דער בעשטימונג פון דער ארטיגער זעלבסטפערוואלטונג. דער מלוכה־בודזשעט און דער סכום פון רעקרוטען ווערען בעשטימט נאר אויף א יאהר, נאך דעם יאהר דארף מען זיי בעשטימען אויף דאס ניי, די אלטע געזעצען פערלירען אין דעם פרט זייער כח. א בעזונדער קאנטראל־פאלאטע גיט אכטונג אויף די פינאנסען. עס טאר ניט ארויסגענומען ווערען פון דער מלוכה־קאסע קיין שום סומע אהן א געזעצליכער פער־ארדנונג.



# האָלאַנד

## אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע.

די קאָנסטיטוציע איז ארויסגעגעבען אין 1887 יאָהר.

### 1. וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע.

דער סדר, ווי עס ווערט איבערגעקוקט די קאָנסטיטוציע, איז דער זעלבער, ווי אין בעלגיען, נאָר אין דער האָלענדישער קאָנסטיטוציע איז ניט אָנגעוויזען מיט וואָס פאַר אַ מעהרהייט פון שטימען עס ווערען אָנגענומען אַזוינע החלטות.

### 2. די רעכטען פון די בירגער.

עס עקזיסטירט געוויסענס-פרייהייט. אַלע רעליגיעס שטעהען גלייך אונטער דעם שוץ פון דער מלוכה. עס עקזיסטירט פרייהייט פון פערזאַמלונגען און פעראיינען. אונבעריהרליכקייט פון פריוואַט-קאָרעספּאָנדענץ. ווען אין לאַנד ווערט ערקלערט (דורך'ן קעניג) קריגס-צושטאַנד אָדער בעלאַגערונגס-צושטאַנד, קען מען אָבלעגען אויף אַ צייט די גאַראַנטיעס, וואָס בעוואָרענען פרעס-פרייהייט, פרייהייט פון פערזאַמלונגען און פעראיינען און אונבעריהרליכקייט פון פערזאָן און פריוואַט-קאָרעספּאָנדענץ.

### 3. דער ראש פון דער מלוכה.

דער ראש פון האָלאַנד איז דער קעניג. ער רופט צוזאַמען און לאָזט פאַנאַנדער די פּאַלאַטעס. אויב דער קעניג לאָזט פאַנאַנדער די פּאַלאַטעס, מוז ער זיי צונויפרופען ניט שפּעטער פון צוויי מאָנאַטען. ער האָט דאָס רעכט פון געזעצגעבענדער איניציאַטיוו, ער בעשטעטיגט (סאַנקציאָנירט) די בעשטימונגען פון די פּאַלאַטעס און פּובליקירט די געזעצען. ער גיט אַרויס אַלערליי אַדמיניסטראַטיווע בעפעהלען, נאָר די דאָזיגע בעפעהלען טאָרען ניט געהן געגען געזעץ, אַז ניט האָבען זיי ניט קיין שום מאַכט. ער האָט דאָס רעכט פון וועטאָ, נאָר ער נוצט עס קיינמאָל ניט אויס. אין געזעץ זענען בעשטימט איינציגע פאַלען, ווען דער קעניג מעג ערקלערן קריגס-צושטאַנד, אָדער איינפיהרען בעלאַגערונגס-צושטאַנד. ער האָט דאָס רעכט צו בעגנאַדיגען פערברעכער, אָבער ניט אַרויסגעבען אַנאַמני-

סטיע. ער איז דער אָנפֿיהרער פֿון דער אַרמעע. ער ערקלערט מלחמה און שליסט טראַקטאַטען (אָבמאַכונגען), נאָר ער דאַרף זיי נאָכדעם איבערגעבען די פּאַלאַטעס אויף אַרומצוקלערען זיי, אויב נאָר ער געפֿינט, אַז דאָס קען ניט שאַדען דער זיכערהייט פֿון דער מלוכה. אויב די דאָזיגע טראַקטאַטען רעדען אָבער וועגען אָבטרעטען אַן'אַנדערער מלוכה אַ שטיקעל טעריטאָריע, אָדער זיי לעגען אַרויף אַ נייע משא אויף די פֿינאַנסען פֿון דעם לאַנד, דאַן קענען זיי ניט געשלאָסען ווערען, איידער די פּאַלאַטעס וועלען זיי ניט בעשטעטיגען, ווי יעדען אַנדערען געזעץ.

## 4. די פּאַלאַטעס.

דער פּאַרלאַמענט אין האָלאַנד בעשטעהט פֿון 2 פּאַלאַטעס: די ערשטע (סענאַט) און די צווייטע; די צווייטע פּאַלאַטע בעשטעהט פֿון 100 דעפּוטאַטען. אויסגעקליבען ווערען אין דער צווייטער פּאַלאַטע קען יעדער האָלענדער בירגער ניט אינגער פֿון 30 יאָהר, אויב ער האָט ניט אָנגעוואָרען דורך'ן משפּט זיין רעכט צו פֿערוואַלטען איבער זיין מאַיאָנטעק. די וואַהלען אין די צווייטע פּאַלאַטע זענען גלייכע, דירעקטע און געהיימע, אָבער ניט קיין אַל־געמיינע. וואַהל־רעכט האָבען נאָר די בירגער, וועלכע זענען ניט אינגער פֿון 25 יאָהר און צאָהלען פּאָדאַטקעס אָדער פֿאַר ערד (ניט ווייניגער ווי 1 פֿלאָרין אַ יאָהר), אָדער פֿאַר אַ קאַפּיטאַל (לכל־הפּחות פֿון 13,000 פֿלאָרין), אָדער איינעם פֿון די 5 בעשטימטע פּערזענ־ליכע פּאָדאַטקעס (פֿאַר אַ קוואַרטיר, פֿאַר האַלטען פֿערד א. ז. וו.). עס האָבען וואַהל־רעכט אויך אַזוינע קוואַרטיראַנטען, וועלכע צאָהלען ניט קיין פּאָדאַטקעס פֿאַר זייער קוואַרטיר, נאָר זיי צאָהלען דירה־געלד ניט ווייניגער פֿון אַ בעשטימטער סומע (40 פֿלאָרין אַ יאָהר); אויסער די דאָזיגע קאַטעגאָריעס וועהלער האָבען נאָך וואַהל־רעכט די, וואָס דיענען אין געזעלשאַפֿטליכע און פּריוואַטע איינריכ־טונגען, און די, וואָס האָבען אויסגעהאַלטען געוויסע עקזאַמענעס. די דעפּוטאַטען ווערען אויסגעקליבען אויף 4 יאָהר. זיי בעקומען געהאַלט 2000 פֿלאָרין אַ יאָהר און מעגען פֿאָהרען אומזיסט מיט'ן אייזענבאַהן פֿונ'ם אָרט, וואו מען האָט זיי אויסגעקליבען, אין דער שטאָדט, וואו דער פּאַרלאַמענט געפֿינט זיך. די דעפּוטאַטען, ווען זיי קומען אין פּאַלאַטע, שווערען זיי, אַז זיי וועלען זיין טריי דער קאָנסטיטוציע. אַליין בעשטימען אַ פֿאָרזיצענדען האָט די פּאַלאַטע קיין רעכט ניט: זי קלייבט נאָר אויס דריי קאַנדידאַטען, און פֿון זיי בעשטימט דער

קעניג איינעם פאר א פארזיצענדען. די פאלאטע האט דאס רעכט צו שיקען אין דער ערשטער פאלאטע (סענאט) איינעם אדער עט־ליכע אידרע פארשטעהער, כדי זיי זאלען דארט אגיטירען און געבען ערקלערונגען מכח די בעשלוסען, וואס זי האט אנגענומען און וואס דארפען בעקומען דעם הסכם פונ׳ם סענאט.

דער סענאט (די ערשטע פאלאטע) בעשטעהט פון 50 סענאטארען, וועלכע ווערען אויסגעקליבען דורך די איינריכטונגען פון ארטיגער זעלבסטפערוואלטונג. פאר סענאטארען קענען ווערען אויסגעקליבען האלענדער ניט אינגער פון 30 יאהר, וועלכע צאהלען גאנץ גרויסע סומען פאראטקעס, אדער וועלכע האבען פערנומען, אדער זיי פערנעהמען איצט א וויכטיגען מלוכה־אמט. די סענאטארען ווערען אויסגעקליבען אויף 9 יאהר און יעדע דריי יאהר בענייט זיך א דריטעל פון זיי (עס געהט ארויס א דריטעל סענאטארען און עס ווערען אויסגעקליבען נייע אויף זייער ארט). די סענאטארען בעקומען געהאלט 8 פלארין פאר יעדען טאג, וואס ס׳דויערט די סעסיע.

## 5. די קאמפעטענץ פון די פאלאטעס.

די צווייטע פאלאטע האט געזעצגעבענדע איניציאטיוו; זי בעשטימט דעם ביודזשעט, קאנטראלירט די מעשים פון דער אד־מיניסטראציע (זי קען ווענען די דאזיגע מעשים מאכען אנפראגען די מיניסטארען). אהן דעם הסכם פון דער צווייטער פאלאטע קען ניט ארויסגעגעבען ווערען קיין שום געזעץ.

די ערשטע פאלאטע האט ניט דאס רעכט פון געזעצ־געבענדער איניציאטיוו. אין אלע איבריגע רעכטען איז זי גלייך מיט דער צווייטער פאלאטע. געזעצען, וואס די צווייטע פאלאטע האט זיי איבערגעשיקט אין דער ערשטער פאלאטע, ווערען דארט ארומגעקלערט, און אויב זיי ווערען אנגענומען, שיקט זיי שוין די ערשטע פאלאטע צום קעניג, אז ער זאל זיי בעשטעטיגען (סאנקציאנירען).

## 6. דער מיניסטארען־קאבינעט.

דער קעניג ארגאניזירט דאס מיניסטעריום, בעשטימט מיניס־טארען און רופט זיי אב פון זייער שטעל. די מיניסטארען גיבען אכטונג, אז די קאנסטיטוציאנעלע געזעצען זאלען ווערען ערפילט. די צווייטע פאלאטע קען רופען די מיניסטארען צום משפט. עס עק־זיסטירט אויך פאליטישע פעראנטווארטליכקייט פון די מיניסטארען.

## 7. פִֿינאַנסען, אַרמעע, פָּאלִיצִיי אונ זאָ ווייטער.

עס עקזיסטִירט אַ קאָנטראָל־פָּאלאַטע, וועלכֿע גִיט אַלֿטונג אויף די פִֿינאַנסען פֿון דער מלוּכה. די מִיטגלִידער פֿון דער פָּאלאַטע בעשטִימט דער קעניג פֿון די קאַנדִידאַטען, וואָס די צווייטע פָּאלאַטע לעגט אִיהם פֿאָר. עס עקזיסטִירט אַלגעמיינע מִילִיטער־פֿפלִיכֿט (יעדער בִירגער מוז געהן דִיענען אִין מִילִיטער). אויסלענדִישען הִיל דִינגען טאָר מען נִיט אָהן דער ערלויבנִיס פֿון די פָּאלאַטעס. יעדער גערִיכֿט אִיז מחויב בײם פסק־דִין צו געבען אַנ׳ערקלערונג, פֿאַר וואָס האָט ער אַזוי גע׳פסק׳נט. דער משפט פִֿיהרט זיך אִין אַלע גערִיכֿטען אִינ׳ם נאָמען פֿון דעם קעניג. די זִיצונגען פֿון די גערִיכֿטען זענען עפֿענטלִיכֿע. די גייסטלִיכֿע פֿון אַלע גלויבענס בעקומען פֿון קאַזנאַ פּענסִיע, אויב זיי דִיענען אָב אַ געווִיסע צייט אִין זייער אַמט. די עפֿענטלִיכֿע בִילדונג געפִֿינט זיך אונטערן קאָנטראָל פֿון דער רעגִירונג (די רעגִירונג גִיט אַלֿטונג, ווי און וואָס עס ווערט געלערנט). די תקנות וועגען עפֿענטלִיכֿער בִילדונג טאָרען נִיט בעליידִיגען קיינעמס רעלִיגִיעזע אִיבערצייגונגען.



# שוועדען (שוועציע)

## א קאנסטיטוציאנעלע מאנארכיע.

די קאנסטיטוציע איז ארויסגעגעבען אין 1806 יאהר, אומגעביטען אין אויסגעבעסערט אין 1866 יאהר.

### 1. וועגען איבערקוקען די קאנסטיטוציע.

א פראעקט וועגען אומבייטען די קאנסטיטוציע מוז אנגענומען ווערען אין צוויי פארלאמענטען נאכאנאנד (פריהער ווערט דער פראעקט אנגענומען אין איין פארלאמענט, אין ביידע פאלאטעס, נאכדעם ווערען די פאלאטעס פאנאנדערגעלאזען און ס׳ווערען צוזאמענגערופען נייע, וועלכע בעטראכטען אויף דאס ניי דעם פראעקט), אויב דער קעניג גיט נאכדעם זיין הסכם, ווערט דער פראעקט א געזעץ.

### 2. די רעכטען פון די בירגער.

די הערשענדע רעליגיאן איז די עוואנגעלישע: צו איהר מוז געהערען דער קעניג.

### 3. דער ראש פון דער מלוכה.

בראש פון דער מלוכה שטעהט דער קעניג. ער רופט צוזאמען און לאזט פאנאנדער דעם פארלאמענט. ער האט געזעצגעבענדע איניציאטיוו, ער בעשטעטיגט (סאנקציאנירט) און פובליקירט די געזעצען. ער האט דאס רעכט צו בעגנאדיגען. ער גיט ארויס פעראררדנונגען דער אדמיניסטראציע; ער בעשטימט בעאמטע. ער פיהרט אן די ארמעע און דעם פלאט, ערקלערט מלחמה און שליסט טראקטאטען (אבמאכונגען) מיט די איבריגע מלוכות.

### 4. די פאלאטעס.

דער פארלאמענט (ריגסדאג) בעשטעהט פון 1) דער צווייטער פאלאטע און 2) דער ערשטער פאלאטע. וואהל-רעכט אין דער צווייטער פאלאטע האט: 1) דער, וואס פערמאגט א

נחלה לכל־הפּחות פון 1000 ריקסדאַלערן, 2) ווער עס האַלט גע־
דונגען אין אַרענדע ניט ווייניגער ווי אויף 5 יאָהר אַ שטיקעל ערד,
אויב דאָס שטיקעל ערד שאַצט זיך לכל־הפחות אין 6000 ריקסדאַלערן,
3) ווער עס צאָהלט אַלע יאָהר פּאָדאַטקעס פון אַ הכנסה ניט קלע־
נער, ווי 800 ריקסדאַלערן. די וואַהלען זענען גלייכע; זיי קענען
זיין דירעקטע אָדער אונדירעקטע — ווי עס פערלאַנגען די וועהלער.
דעפּוטאַטען איז פאַראַן 230. פאַר אַ דעפּוטאַט קען אויסגעקליבען
ווערען יעדערער, ווער ס'האָט וואַהל־רעכט און איז ניט אינגער פון
25 יאָהר. די דעפּוטאַטען ווערען אויסגעקליבען אויף 3 יאָהר.

די ערשטע פּאַלאַטע בעשטעהט פון 150 מיטגליעדער, וועל־
כע ווערען אויסגעקליבען אויף 9 יאָהר דורך די איינריכטונגען פון
אָרטיגער זעלבסטפערוואַלטונג. אויסגעקליבען קען ווערען נאָר אַזאַ
שוועד, וועלכער איז ניט אינגער פון 35 יאָהר און בעזיצט ניט ווע־
ניגער פון 3 יאָהר אַ נחלה לכל־הפּחות פון 80,000 ריקסדאַלערן,
אָדער ער צאָהלט 4000 ריקסדאַלערן אַ יאָהר פּאָדאַטקעס פון זיינע
הכנסות.

די מיטגליעדער פון ביידע פּאַלאַטעס בעקומען געהאַלט.
אַ פּאָרזיצענדען אין יעדער פּאַלאַטע בעשטימט דער קעניג פון צווי־
שען די מיטגליעדער פון דער פּאַלאַטע. אויב די פּאַלאַטעס קענען
צווישען זיך ניט מושוה ווערען אין ענין פון ביודזשעט, קומט פאַר
אַ פעראייניגטע פערזאַמלונג פון ביידע פּאַלאַטעס און די פראַגע ווערט
בעשטימט מיט אַ מעהרהייט פון שטימען אויף דער דאָזיגער פער־
זאַמלונג.

### 5. די קאָמפּעטענץ פון די פּאַלאַטעס.

ביידע פּאַלאַטעס האָבען אַלץ איינע מאַכט און אַלץ איינע
קאָמפּעטענץ. ביידע פערזאַמלען זיך יעדעס יאָהר. אַלע געזעצען,
וואָס דער פּאַרלאַמענט גיט אַרויס, מוזען ווערען סאַנקציאָנירט פונ'ם
קעניג. געזעצען וועגען דער קירכע דאַרפען נאָך האָבען דעם הסכם
פונ'ם סינאָד. דער פּאַרלאַמענט קען רופען די מיניסטאָרען צום גע־
ריכט. ער קלייבט אויס אַ פּראָקוראַטאָר (אויפזעהער), וועלכער
קאָנטראָלירט די מעשים פון דעם געריכט און פון דער אַדמיניסטראַ־
ציע און גיט אַכטונג (צוזאַמען מיט 6 קאָמיסאַרען, וועלכע ווערען
בעשטימט פונ'ם פּאַרלאַמענט) אויף דער פּרעסע. הלוואות אין
לאַנד און אין אויסלאַנד קענען געשלאָסען ווערען נאָר מיט דעם
הסכם פון דעם פּאַרלאַמענט.

## 6. דער מיניסטאָרען־קאַבינעט.

די פֿעראָרדנונגען פֿונ׳ם קעניג מוז אונטערשרייבען (קאָנטר־אַסיגנירען) דער ענטשפּרעכענדער מיניסטער; פֿאַר אונטערשרייבען אַזאַ קעניגליכען בעפֿעהל, וועלכער איז געגען דער קאָנסטיטוציע, זענען די מיניסטאָרען פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר׳ן פּאַרלאַמענט, און זיי קענען דערפֿאַר געריפֿען ווערען צום משפּט. די מיניסטאָרען זענען אויך פּאָליטיש פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר דעם פּאַרלאַמענט.

עס עקזיסטירט אַ מלוכה־ראַט פֿון 10 פּערזאָן, וועלכע קלערט אַרום צוזאַמען מיט דעם קעניג אַלע ענינים פֿון דער מלוכה, אַחוץ דיפּלאָמאַטישע פֿראַגען און אַחוץ די ענינים, וואָס זענען שייך צום אָנפֿיהרען דאָס היל (די פֿראַגע וועגען מלחמה ווערט יע אַרום־געקלערט אין מלוכה־ראַט). דער ראַט האָט ניט קיין בע־שטימונגס־רעכט.

## 7. פֿינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי און זאָ ווייטער.

עס עקזיסטירט אַ ספּעציעלע קאַסע פֿון מלוכה־חובות. אויף איהר זענען ממונה קאָמיסאַרען, וועלכע ס׳בעשטימט דער מלוכה־ראַט. אין קאַסע איז פֿאַראַן צוויי־ערליי קאַפּיטאַלען. די ערשטע קען דער קעניג אַרויסנעהמען פֿון דאָרט מיט דעם הסכּם פֿונ׳ם מלוכה־ראַט, ווען עס טרעפֿט אַ דרינגענדער פֿאַל, וואו ס׳איז נויטיג אַ גע־וויסע סומע געלד פֿאַר דער מלוכה; דעם צווייטען קאַפּיטאַל בעקומט דער קעניג, ווען ער ערקלערט אַ מלחמה, נאָר פֿריהער דאַרף ער אַרויסגעבען אַ בעפֿעהל וועגען צוזאַמענרופֿען די פּאַלאַטעס.

קיין אַלגעמיינע מיליטער־פֿפליכט איז אין שוועדען ניטאָ. די שטעדט און די דערפֿער שטעלען צו יעדערער אַ געוויסע צאָהל רעקרוטען (וועדליג אַ מנהג, וואָס פֿיהרט זיך פֿון לאַנגע יאָהרען) און האַלטען זיי אויס אויף זייערע אייגענע הוצאות.

די ריכטער טאָרען ניט פֿערנעהמען קיין אַנדערע שטעלעס. אָבזאָגען די ריכטער קען מען נאָר, ווען דאָס פּסקנ׳ט דער געריכט. איבערפֿיהרען אַ ריכטער אין אַנ׳אַנדער אָרט, אָדער געבען איהם אַ העכערע שטעל טאָר מען ניט אָהן זיין אייגענעם הסכּם.

# נָארְוֶועֶגֶען (נָארוועֶגיִעֶ)

## אַ קָאנְסְטִיטוּצִיאָנֶעלֶע מָאנַארְכִיע.

די קאָנסטיִטוּציִע אָרויסגעגעבען אין 1814 יאָהר.

### 1. וועֶגעֶן איִבּעֶרקוּקעֶן די קאָנסטיִטוּציִע.

אוּמבּײַטעֶן קעֶן מעֶן נאָר אַיינצעֶלנעֶ פּרטים, אַי דאָס אַזוֹי, אַז עֶס זאָל ניִט סוֹתר זײַן די גרוּנד-פּוּנקטעֶן פֿוּן דעֶר קאָנסטיִטוּציִעֶ. דעֶר פּראָעֶקט וועֶגעֶן אוּמעֶנדעֶרוּנגעֶן דאַרף אַרײַנגעֶטראָגעֶן וועֶרעֶן אין פּאַרלאַמעֶנט ניִט אַנדעֶרש ווי אין דעֶר עֶרשטעֶר סעֶסיִעֶ נאָך די וואַהלעֶן; דעֶר פּראָעֶקט דאַרף זײַן פֿעֶרעֶפֿעֶנטליִכט אין די צײַטוּנגעֶן. אָננעֶהמעֶן קעֶן מעֶן איהם עֶנדגיִלטיִג עֶרשט דעֶר צווײַטעֶר פּאַרלאַמעֶנט, וועֶלכעֶר וועֶרט צוּנויפֿגעֶרוּפֿעֶן נאָך דעֶם, ווי דעֶר עֶרשטעֶר וועֶרט פֿאַנאַנדעֶרגעֶלאָזעֶן. אָנגעֶנוּמעֶן קעֶן דאָס וועֶרעֶן מיִט אַ מעֶהר-הײַט ניִט וועֶניִגעֶר פֿוּן $2/3$ שטיִמעֶן.

### 2. די רעֶכטעֶן פֿוּן די בּיִרגעֶר.

די הערשעֶנדעֶ רעֶליִגיִאָן איז די עֶוואַנגעֶליִש-לוּטעֶראַניִשעֶ. ווער עֶס געֶהעֶרט צוּ דעֶר הערשעֶנדעֶר רעֶליִגיִאָן, מוּז אויך זײַנעֶ קיִנדעֶר עֶרציִהעֶן אין דעֶר דאָזיִגעֶר רעֶליִגיִאָן. ניִט לוּטעֶראַנעֶר טאָרעֶן ניִט זײַן קײַן מיִטגליִעדעֶר פֿוּן דעֶם מלוּכה-ראַט, קײַן ריִכטעֶר אוּן קײַן העֶכעֶרעֶ בּעֶאַמטעֶ, זיי טאָרעֶן אויך ניִט, אַחוּץ אַיינִיגעֶ אויסנאַהמעֶן, פֿעֶרנעֶהמעֶן שטעֶלעֶן אין בּיִלדוּנגס-מיִניִסטעֶריוּם. יעֶזוּאיִטיִשעֶ חברות אוּן מאָנאַסטיִרעֶן זעֶנעֶן אין נאָרוועֶגעֶן פֿעֶרבּאָטעֶן.

### 3. דעֶר ראש פֿוּן דעֶר מלוּכה.

בּראש פֿוּן דעֶר מלוּכה שטעֶהט דעֶר קעֶניִג. עֶר רוּפֿט צוּזאַמעֶן אוּן לאָזט פֿאַנאַנדעֶר די פּאַלאַטעֶ. עֶר האָט דאָס רעֶכט פֿוּן געֶזעֶצ-געֶבּעֶנדעֶר איִניִציִאַטיִוו; אין בּעֶשטיִמטעֶ פֿאַלעֶן האָט עֶר אויך דאָס וועֶטאָ-רעֶכט. עֶר פּוּבּליִקיִרט די געֶזעֶצעֶן. עֶר גיִט אַרויס דעֶרווײַליִגעֶ פֿעֶראָרדנוּנגעֶן, וועֶלכעֶ האָבּעֶן אַ קראַפֿט בּיִז דעֶר נאָהעֶנטעֶר סעֶסיִעֶ פֿוּנ'ם פּאַרלאַמעֶנט. עֶר בּעֶשטיִמט די בּעֶאַמטעֶ. עֶר האָט דאָס רעֶכט צוּ בּעֶגנאַדיִגעֶן. עֶר פֿיִהרט אָן דאָס מיִליִטעֶר, עֶרקלעֶרט מלחמה אוּן שליִסט טראַקטאַטעֶן (אָבּמאַכוּנגעֶן) מיִט אַנדעֶרעֶ מלוּכות.

## 4. די פּאַלאַטעס.

דער פּאַרלאַמענט (סטאָרטינג) ווערט אויסגעקליבען פון דער בעפעלקערונג און בעשטעהט פון 114 דעפּוטאַטען. ווען די דעפּוטאַטען קומען זיך צוזאַמען, קלייבען זיי אויס פון צווישען זיך 1/4 דעפּוטאַטען, וועלכע בילדען אַ בעזונדערע פּאַלאַטע — לאַגנסטינג, די איבריגע 3/4 מיטגליעדער בילדען אויך אַ פּאַלאַטע, וועלכע הייסט אָדעלסטינג. פאַר אַ מיטגליעד פון סטאָרטינג קענען אויסגעקליבען ווערען נאָר מאַנספּערזאָנען, וועלכע זענען ניט אינגער פון 30 יאָהר און וואָהנען אין נאָרװעגען ניט וועניגער פון 10 יאָהר. די מיטגליעדער פון סטאָרטינג ווערען אויסגעקליבען אויפ'ן גרונד פון צוויי-שטופיגע וואַהלען. וואַהל-רעכט האָבען אַלע נאָרוועגישע בירגער, וועלכע זענען ניט אינגער פון 25 יאָהר און וואָהנען אין נאָרוועגען ניט וועניגער פון 5 יאָהר. עס האָבען ניט קיין וואַהל-רעכט: איינינגע סאָרטען פּעראורטיילטע, מענשען, וואָס האָבען אָנגעוואָרען איינינגע פון זייערע בירגערליכע רעכטען, באַנקראָטען און די וואָס לעבען פון קצבה. די דעפּוטאַטען ווערען אויסגעקליבען אויף 3 יאָהר און בעקומען געהאַלט. ביידע פּאַלאַטעס קלייבען אַליין אויס זייערע פּאָרזיצענדע. געזעצגעבענדע איניציאַטיווע האָט נאָר דער אָדעלסטינג. אויב דער לאַגנסטינג זאָגט זיך אָב צוויי מאָל נאָכאַנאַנד צו אָננעהמען אַ פּראָעקט, וועלכען דער אָדעלסטינג לעגט איהם פאָר, דאַן מאַכט מען אַ פערעאיינינגטע פערזאַמלונג פון ביידע פּאַלאַטעס און מען בעשטימט די פראַגע מיט אַ מעהרהייט פון שטימען.

## 5. די קאָמפּעטענץ פון די פּאַלאַטעס.

דער סטאָרטינג גיט אַרויס אַלע געזעצען און בעשטימט דעם בודזשעט; ער קאָנטראָלירט די פינאַנסען פון דער מלוכה, ער בעשטימט אַלע יאָהר די ציוויל-ליסטע פון'ם קעניג. ער קען פאָדערן, מען זאָל איהם ברענגען אַלע פּראָטאָקאָלען פון די זיצונגען פון'ם מיניסטאָרען-קאַבינעט, ווי איבערהויפּט אַלע אַדמיניסטראַטיווע דאָקומענטען. ער קען פאָדערן, מען זאָל איהם מודיע זיין וועגען די אָבמאַכונגען, וואָס דער קעניג האָט געשלאָסען אין'ם נאָמען פון נאָרוועגען מיט אַנדערע מלוכות, אחוץ די געהיימע פּונקטען, וועלכע טאָרען פונדעסטוועגען ניט סותר זיין די פּערעפענטליכע פּונקטען. דער סטאָרטינג קען רופען צו זיך אויף אויסצופרעגען וועגען די רעגירונגס-מעשים אַלע בעאַמטע, אחוץ דעם קעניג און זיין משפחה.

## 6. דער מיניסטאָרען־קאַבינעט.

דעם קעניג'ס פֿעראָרדנונגען מוזען זיין אונטערגעשריבען (קאָנטר־אַסיגנירט) פֿון אַ מיניסטער. פֿאַר אונטערשרייבען אַ ניט־קאָנסטיטוציאָנעלע קעניגליכע פֿעראָרדנונג, אָדער פֿאַר ניט אַריינשרייבען אַ פּראָטעסט געגען אַזאַ פֿעראָרדנונג אין פּראָטאָקאָל, איז דער מיניסטער אי פֿעראַנטוואָרטליך פּאָליטיש, אי ער ווערט גערופֿען צום געריכט.

עס עקזיסטירט אַ מלוכה־ראַט פֿון 9 מיטגליעדער, וועלכע דער קעניג בעשטימט. דער ראַט האָט נאָר אַ בעראַטונגס־רעכט: דער קעניג האַלט זיך מיט איהם אַנעצה וועגען די וויכטיגסטע ענינים פֿון דער מלוכה.

## 7. פֿינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי און זאָ ווייטער.

מען טאָר ניט פֿערגרעסערן אָדער פֿערקלענערן דאָס מיליטער אָהן דעם הסכם פֿונ'ם סטאָרטינג. דאָס נאָרוועגישע מיליטער טאָר ניט ווערען פֿערדונגען אַ פֿרעמדער מלוכה, פֿרעמדע מיליטער טאָר ניט אַריינגעלאָזען ווערען אין די גרענצען פֿון נאָרוועגען. מען טאָר ניט אָנהויבען אַ מלחמה סיי אויף דער יבשה, סיי אויף דעם ים אָהן דעם הסכם פֿונ'ם סטאָרטינג, סיידען עס קומט אויס זיך צו שיצען פֿאַר אַנאָנפֿאַל פֿון אַ פֿיינד אויף די גרענצען פֿון דער מלוכה.



# דֶענֶעמַארק (ראַגיְע).

## אַ קאָנסטיטוציאָנֶעלֶע מָאנַארכיע.

די קאָנסטיטוציע איז אַרויסגעגעבען אין 1866 יאָהר.

### 1. װעגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע.

אַ פּראָעקט װעגען אומענדערונגען אין דער קאָנסטיטוציע מוז פֿריהער אָנגענומען װערען מיט אַנ׳אַבסאָלוטער מעהרהייט פֿון שטימען אויף אַ פֿעראייניגטער זיצונג פֿון ביידע פּאַלאַטעס. נאָכדעם דאַרף פֿאַנאַנדערגעלאָזען װערען דער פּאַרלאַמענט און צוזאַמענגערופֿען װערען אַ נייער אויף זיין אָרט. אויב דער נייער פּאַרלאַמענט נעהמט אָן דעם פּראָעקט און ער װערט בעשטעטיגט פֿונ׳ם קעניג, װערט ער ערשט דאַן אַ געזעץ.

### 2. די רעכטען פֿון די בירגער.

פֿרייהייט פֿון פֿערזאַמלונגען און פֿעראיינען. פּרעס־פֿרייהייט. װער ס׳איז ניט פֿעהיג צו אַרבייטען (אינװאַליד), בעקומט שטיצע פֿון דער מלוכה. יעדער בירגער מעג זיך פֿערנעהמען מיט װאָס ער װיל. די הערשענדע רעליגיאָן איז די עװאַנגעלישע. דער קעניג מוז זיין עװאַנגעליש. מען מעג ניט געהערען צו קיין שום רעליגיאָן, נאָר אַזוינע צאָהלען אַ בעשטימטען פּראָצענט אויף בילדונג, אַנשטאָט דעם געװעהנליכען פּראָצענט אויף צו אויסהאַלטען די קירכע.

### 3. דער ראש פֿון דער מלוכה.

דער ראש איז דער קעניג. ער רופֿט צוזאַמען און לאָזט פֿאַנאַנדער די פּאַלאַטעס; די נייע פּאַלאַטעס מוזען װערען צוזאַמענגערופֿען אין אַ משך פֿון 2 חדשים נאָכ׳ן פֿאַנאַנדערלאָזען די אַלטע. דער קעניג האָט געזעצגעבענדע איניציאַטיװ, ער בעשטעטיגט (סאַנקציאָנירט) און פּובליקירט די געזעצען. ער ערקלערט מלחמה און שליסט טראַקטאַטען (אָבמאַכונגען). אָבטרעטען אַ טייל מלוכה טאָר ער ניט אָהן דעם הסכם פֿון דעם פּאַרלאַמענט. דער קעניג האָט די העכסטע עקזעקוטיװע און אַדמיניסטראַטיװע מאַכט. ער בעשטימט

די בעאַמטע. ער גיט אַרויס דערווײַליגע פֿעראָרדנונגען, ווען די זיצונגען פֿונ׳ם פּאַרלאַמענט קומען ניט פֿאָר. ער קען רופֿען די מיניסטאָרען צום געריכט. ער קען בעגנאַדיגען און אַרויסגעבען אַמניסטיע. ער קען אויסגיסען מטבעות.

## 4. די פּאַלאַטעס.

דער פּאַרלאַמענט (רינגסדאַג) בעשטעהט פֿון 2 פּאַלאַטעס: פֿאָלקעטינג (אונטערשטע פּאַלאַטע). און לאַנדסטינג (אויבערשטע פּאַלאַטע). די דעפּוטאַטען פֿון פֿאָלקעטינג ווערען אויסגעקליבען דירעקט איינער אויף 16000 אַיינוואָהנער. וואַהל-רעכט האָט יעדער בירגער ניט אינגער פֿון 30 יאָהר 1) אויב ער נעהמט ניט קײַן קצבה, 2) אויב ער האָט ניט פֿערלאָרען דאָס רעכט צו שאַפֿען איבער זײַן פֿערמעגען, 3) אויב ער האָט דאָס לעצטע יאָהר פֿאַר די וואַהלען געוואָהנט אין דעם וואַהל-בעצירק, וואו ער בעטייליגט זיך אין די וואַהלען. אויסגעקליבען קען ווערען יעדערער, ווער ס׳האָט אַקטיווע וואַהל-רעכט. די דעפּוטאַטען ווערען אויסגעקליבען אויף 3 יאָהר און בעקומען געהאַלט. דער פֿאָלקעטינג קלײַבט אַליין אויס זײַן פֿאָרזיצענדען. אויף די זיצונגען מוז זײַן ניט וועניגער פֿון אַ העלפֿט מיטגליעדער.

דער לאַנדסטינג בעשטעהט פֿון 66 מיטגליעדער. 12 פֿון זיי בעשטימט דער קעניג, איינעם שיקט דער סיים פֿונ׳ם אינזעל טעזאָעז, די איבריגע ווערען אויסגעקליבען אויפֿ׳ן גרונד פֿון 2-שטופֿיגע וואַהלען (פֿריהער ווערען אויסגעקליבען וואַהל-מענער, און זיי קלײַבען שוין דעפּוטאַטען). אַ העלפֿט וואַהל-מענער קלײַבען אַלע, וואָס האָבען וואַהל-רעכט אין פֿאָלקעטינג, די אַנדערע העלפֿט קלײַבען די, וואָס צאָהלען יעדעס יאָהר ניט וועניגער פֿון 75 פֿראַנק פּאָדאַטקעס, אָדער זיי האָבען הכנסה ניט וועניגער פֿון 1000 פֿראַנק אַ יאָהר. פֿאַר אַ דעפּוטאַט קען אויסגעקליבען ווערען יעדערער, ווער ס׳האָט דאָס רעכט צו אויסגעקליבען ווערען אין פֿאָלקעטינג. דער לאַנדסטינג ווערט אויסגעקליבען אויף 8 יאָהר (די דעפּוטאַטען, וועלכע דער קעניג בעשטימט, פֿערנעהמען זייער שטעל, ווי לאַנג זיי לעבען); אַ העלפֿט דעפּוטאַטען בענײַט זיך אַלע 4 יאָהר. דער לאַנדסטינג קלײַבט אַליין אַ פֿאָרזיצענדען.

### 5. די קאָמפּעטענץ פֿון די פּאַלאַטעס.

דער פֿאָלקעטינג האָט געזעצגעבענדע איניציאַטיװ, ער בעשטימט דעם ביודזשעט, ער אַרבײַט אויס געזעצען. ער האָט דאָס רעכט צו שטעלען אָנפֿראַגען (אינטערפּעלירען) די מיניסטאָרען און זיי רופֿען צום געריכט.

דער לאַנדסטינג האָט די זעלביגע רעכטען, וואָס דער פֿאָלקעטינג, נאָר רופֿען די מיניסטאָרען צום משפּט טאָר ער ניט. יעדער געזעץ בעקומט קראַפֿט ערשט נאָכדעם, ווען ער ווערט אָנגענומען אין ביידע פּאַלאַטעס און בעשטעטיגט פֿונ'ם קעניג.

### 6. דער מיניסטאָרען־קאַבינעט.

די מיניסטאָרען בעשטימט דער קעניג. ער טײלט צווישען זיי פֿאַנאַנדער די אַרבײַט. דאָס מיניסטעריום איז פּאָליטיש פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר זײַנע מעשים. דער פֿאָלקעטינג און דער קעניג קענען רופֿען די מיניסטאָרען צום געריכט.

### 7. פֿינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי און זאָ ווײַטער.

דער פּראָעקט וועגען ביודזשעט ווערט צוגעשטעלט דורך'ן קעניג און בעשטעטיגט דורך ביידע פּאַלאַטעס. אַלע יאָהר בעשטימען ביידע פּאַלאַטעס אַ רעוויזיאָנס־קאָמיסיע (צו צוויי מיטגליעדער פֿון יעדער פּאַלאַטע) צו רעווידירען די פֿינאַנציעלע לאַגע פֿון דער מלוכה.

עס עקזיסטירט אַלגעמיינע מיליטער־פּפֿליכט. אויף צו משפּט'ן די מיניסטאָרען און וויכטיגערע פּאָליטישע פֿערברעכער עקזיסטירט אַ בעזונדער געריכט ריגסרעט; אַ העלפֿט פֿון זײַנע מיטגליעדער זענען די ריכטער פֿון דעם העכסטען געוועהנליכען געריכט, די אַנדערע העלפֿט — דעפּוטאַטען פֿונ'ם לאַנדסטינג, וועלכע ער (דער לאַנדסטינג) בעשטימט פֿאַר ריכטער אויף אַ טערמין פֿון 4 יאָהר. די ריכטער פֿון אַלע געריכטען זענען ניט אָבהענגיג פֿון דער אַדמיניסטראַציע. אָבזאָגען פֿון שטעל קען מען זיי נאָר לויט דעם אורטייל פֿון געריכט. די געוועהנליכע פּאָליטישע, ווי אויך די קרימינעלע פֿערברעכען ווערען געמשפּט אין געריכטען פֿון געשוואָרענע. יעדער בירגער האָט דאָס רעכט צו אָנקלאָגען די אַדמיניסטראַציע פֿאַר'ן געריכט.

# פּראַנקרייך.

## א רעפּובליק.

די קאָנסטיטוציע איז אויסגעאַרבייט אין 1875 יאָהר און טיילוויז אויסגעבעסערט אין 1889 יאָהר.

### 1. וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע.

די קאָנסטיטוציע קען איבערגעקוקט ווערען נאָר דאַן, ווען ביידע פּאַלאַטעס בעזונדער (אי די דעפּוטאַטען-פּאַלאַטע, אי דער סענאַט) בעשליסען מיט אַנ׳אַבסאָלוטער מעהרהייט פון שטימען, אַז ס׳איז נויטיג די איבערצוקוקען. אַזאַ בעשלוס קענען זיי אָננעהמען אָדער נאָך זייער אייגענער איניציאַטיוו, אָדער דער פּרעזידענט (דער ראש פון דער מלוכה) טראָגט אַריין וועגען דעם אַ פּאָרלאַגע. ווען ביידע פּאַלאַטעס נעהמען אָן אַזאַ בעשלוס, דאַרפען זיי ערשט זיך פערזאמלען ביידע אויף איין פערזאַמלונג, וועלכע ווערט אָנגערופען נאַציאָנאַלע פערזאַמלונג און דאָרט ווערט שוין ענדגילטיג איבערגעקוקט די קאָנסטיטוציע. דער בעשלוס דאַרף דאָ אָנגענומען ווערען מיט אַנ׳אַבסאָלוטער מעהרהייט פון שטימען.

וועגען אָבשאַפען די רעפּובליקאַנישע פאָרם פון דער מלוכה טאָר מען ניט דעבאַטירען אין קיין שום פּאַלאַטע — דער פּונקט פון דער קאָנסטיטוציע דאַרף בלייבען אונבערירט.

### 2. די רעכטען פון די בירגער.

אין דער קאָנסטיטוציע פון 1875 זענען די רעכטען ספּעציעל ניט אויסגערעכענט. אין גרונד פון די בירגערליכע רעכטען ליגט די בעריהמטע „דעקלאַראַציע פון מענשליכע און בירגערליכע רעכטען“, וועלכע איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אין דער נאַציאָנאַלער פערזאַמלונג אין 1789 יאָהר, אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אין דער דעקלאַראַציע זענען פאַראַן אַזוינע פּונקטען:

פּונקט 1. די מענשען ווערען געבאָרען און בלייבען פריי און האָבען גלייכע רעכט.

פּונקט 6. דער געזעץ דריקט אויס דעם אַלגעמיינעם ווילען. אַלע

בּירגער האָבּען דאס רעכט צו בּעטייליגען זיך, פּערזענליך אָדער
דורך זייערע פֿערטרעטער, אינ׳ם אויסארבּייטען די געזעצען.
דער געזעץ דארף זיין גלייך פֿאר אלע, סיי ווען ער שיצט,
סיי ווען ער בּעשטראָפֿט. אלע בּירגער זענען גלייך פֿאר׳ן
געזעץ און האָבּען דעריבּער אלע א גלייכען צוטריט צו אלע
געזעלשאפֿטליכע שטעלען, וועדליג זייערע פֿעהיגקייטען.

פּונקט 7. קיין בּירגער טאָר ניט ווערען אָנגעקלאָגט, פֿערהאלטען
אָדער ארעסטירט סיידען נאָר אין אזוינע פֿאלען, וועלכע זע-
נען אויסגעטייטשט אין געזעץ און אין אזא פֿאָרם, ווי דער
געזעץ בּעפֿעהלט. ווער עס פֿאָדערט פֿון איינעם, אָדער ווער
עס גיט אליין ארויס ווילקירליכע בּעפֿעהלען, ווער עס ערפֿילט
אליין, אָדער ווער ס׳צווינגט אנ׳אנדערען צו ערפֿילען אזוינע
בּעפֿעהלען, ווערט בּעשטראָפֿט.

פּונקט 10. מען טאָר קיינעם ניט טשעפּען פֿאר זיינע מיינונגען,
אפֿילו רעליגיעזע.

פּונקט 11. יעדער בּירגער מעג פֿריי רעדען, שרייבּען, דרוקען;
בּעשטראָפֿט קען ער ווערען נאָר, ווען ער נוצט אויס די דאָ-
זיגע פֿרייהייט צו שלעכטען, און נאָר אין אזוינע פֿאלען, וועל-
כע זענען אויסגעטייטשט אין געזעץ.

### 3. דער ראש פֿון דער מלוכה.

דער פּרעזידענט ווערט אויסגעקליבּען אויף 7 יאָהר דורך דער
נאציאָנאלער פֿערזאמלונג (א פֿעראייניגטע פֿערזאמלונג פֿון
דער דעפּוטאטען-פּאלאטע און דעם סענאט); אויסגעקליבּען ווערט
ער מיט אנ׳אבּסאָלוטער מעהרהייט פֿון שטימען. ווער עס געהערט
צו די פֿאמיליעס פֿון די אמאָליגע פֿראנצויזישע קיסרים טאָר ניט
אויסגעקליבּען ווערען פֿאר א פּרעזידענט. דער פּרעזידענט קען גע-
רופֿען ווערען צום משפּט נאָר פֿאר א פֿערראט געגען דער מלוכה.
דער פּרעזידענט האָט דאס רעכט 1) צונויפֿרופֿען די פּאלאטעס אָדער
אָבּלעגען זייערע זיצונגען אויף א מאָנאט, 2) פֿאנאנדערצולאָזען די
דעפּוטאטען-פּאלאטע מיט דעם הסכם פֿונ׳ם סענאט; 3) ער האָט
דאס רעכט פֿון געזעצגעבּענדע איניציאטיוו; 4) ער בּעשטעטיגט און
פּובּליקירט די געזעצען; 5) ער האָט אין בּעשטימטע פֿאלען דאס
רעכט פֿון וועטאָ. 6) ער האָט דאס רעכט צו בּעגנאדיגען פֿערבּרעכער
(אמניסטיע קען נאָר ארויסגעגעבּען ווערען אין דער פֿאָרם פֿון א
געזעץ). 7) ער שטעהט בּראש פֿון דער ארמעע. 8) ער ערקלערט

מלחמה און שליסט טראַקטאַטען (אָבמאַכונגען), אָבער נאָר מיט'ן הסכם פון ביידע פּאַלאַטעס. 9) ער איז דער פאָרזיצענדער אויף נאַציאָנאַלע ימי-טובים; 10) ער בעשטימט טשינאָווניקעס. די עקזעקוטיווע מאַכט געהערט דעם פּרעזידענט.

## 4. די פּאַלאַטעס.

אין פראַנקרייך בעשטעהט דער פּאַרלאַמענט פון 2 פּאַלאַטעס: די רעפּוטאַטען-פּאַלאַטע און דער סענאַט.

די דעפּוטאַטען-פּאַלאַטע בעשטעהט פון 576 דעפּוטאַטען. אין די וואַהלען, וואו עס ווערען געקליבען דעפּוטאַטען, בעטיילינען זיך אַלע בירגער, וועלכע זענען ניט אינגער פון 21 יאָהר; די וואַהלען קומען פאָר אויפ'ן גרונד פון גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואַהל-רעכט. גאַנץ פראַנקרייך איז איינגעטיילט אויף וואַהל-בעצירקען; אויב אין וואַהל-בעצירק איז דאָ ניט מעהר פון 100,000 וועהלער, ווערט דאָרטען אויסגעקליבען איין דעפּוטאַט; אויב מעהר פון הונדערט טויזענד — 2. דער דעפּוטאַט ווערט אויסגעקליבען מיט אַנ'אַבסאָלוטער מעהרהייט פון שטימען; אויב אין אַ וועלכען ניט איז בעצירק בעטיילינען זיך אין די וואַהלען וועניגער, ווי ¼ פון די, וואָס האָבען וואַהל-רעכט, רעכענט זיך דער דעפּוטאַט פאַר ניט אויסגעקליבען. ווער עס געהערט צו דער פאַמיליע פון די געוועזענע פראַנצויזישע קיסרים, טאָר ניט ווערען אויסגעקליבען פאַר אַ דעפּוטאַט. אַחוץ זיי מעג זיין אַ דעפּוטאַט יעדער בירגער, וועלכער איז ניט אינגער פון 25 יאָהר און פערנעהמט ניט קיין שטעלע פון אַ בעאַמטען. די דעפּוטאַטען ווערען אויסגעקליבען אויף 4 יאָהר און בעקומען געצאָהלט 9000 פראַנק אַ יאָהר. די פּאַלאַטע קלייבט אַליין אויס איהר פאָרזיצענדען.

דער סענאַט בעשטעהט פון 300 מיטגליעדער, וועלכע ווערען אויסגעקליבען דורך די איינריכטונגען פון אָרטיגער זעלבסטפערוואַלטונג. פאַר אַ סענאַטאָר קען ווערען אויסגעקליבען יעדער פראַנצויז, וועלכער איז ניט אינגער פון 40 יאָהר, אויב ער האָט נאָר ניט אָנגעוואָרען זיינע בירגערליכע אָדער פּאָליטישע רעכט און געהערט ניט צו די פאַמיליעס פון די אַמאָליגע פראַנצויזישע קיסרים. דער סענאַט בענייט זיך טיילוויז אַלע דריי יאָהר. די סענאַטאָרען ווערען אויסגעקליבען אויף 9 יאָהר און בעקומען געהאַלט 9000 פראַנק אַ יאָהר. דער סענאַט קלייבט אַליין אויס אַ פאָרזיצענדען.

### 5. די קאָמפּעטענץ פֿון די פּאַלאַטעס.

די דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע האַט דאָס רעכט פֿון געזעצגעבענדער איניציאַטיווע, זי בשטימט געזעצען, בעשטימט דעם ביודזשעט, שליסט טראַקטאַטען און ערקלערט מלחמה, זי קען רופֿען צום משפּט דעם פּרעזידענט און די מיניסטאָרען, זי קאָנטראָלירט די מעשׂים פֿון דער אַדמיניסטראַציע. געזעצען בעקומען קראַפֿט נאָר דאַן, ווען זיי ווערען אָנגענומען פֿון ביידע פּאַלאַטעס און דעם פּרעזידענט.

דער סענאַט האָט די אייגענע קאָמפּעטענץ, וואָס די דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע, נאָר רופֿען צום משפּט דעם פּרעזידענט און די מיניסטאָרען טאָר ער ניט. דער ביודזשעט ווערט פֿריהער בעשטימט אין דער דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע, און ס'איז איינגעפֿיהרט אַזאַ מנהג, אַז דער סענאַט זאָגט זיך קיינמאָל ניט אָב צו אָננעהמען איהם. אויב די דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע קלאָגט אָן די מיניסטאָרען אָדער דעם פּרעזידענט, ווערען זיי געמשפּט אין דעם סענאַט, און דער סענאַט טרעט דאַמאָלסט אַרויס אין דער ראָלע פֿון דעם העכסטען געריכט („דער העכסטער טריבונאַל").

### 6. דער מיניסטאָרען־קאַבינעט.

די מיניסטאָרען גיבען אַכטונג, אַז ס'זאָלען אויסגעפֿיהרט ווערען די געזעצען און די פֿעראָרדנונגען פֿון די פּאַלאַטעס. דאָס גאַנצע מיניסטעריום צוזאַמען האַט אויף זיך אי די געריכטליכע, אי די פּאָליטישע פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿאַר דער גאַנצער ריכטונג פֿון דער רעגירונגס־פּאָליטיק. יעדער מיניסטער בעזונדער איז פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר אַלע מעשׂים, וואָס ווערען אָבגעטהאָן אין זיין פֿאַך און פֿאַר אַלע פֿעראָרדנונגען, וואָס ער האָט קאָנטראַסיגנירט. די מיניסטאָרען ווערען בעשטימט דורך דעם פּרעזידענט.

### 7. פֿינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי, און זאָ ווייטער.

די פֿראַנצויזישע קאָנסטיטוציע רעדט ניט ספּעציעל וועגען די דאָזיגע פֿראַגען. זעה די קאָמפּעטענץ פֿון די פּאַלאַטעס.

# שׁ ווייץ (שווייצאַריִע).

א רעפּובּליִק, אַ פֿעראייניגטע (בּעשׁטעהט פֿון 22 בּעזונ־
דערע מלוכות (קאַנטאָנען), וועלכע בּילדען צוזאַמען דעם שׁ ווייִ־
צאַ ר ישׁ ע ן בּ ו נ ד (שווייצאַרישע קאָנפֿעדעראַציע). די קאָנ־
סטיטוציע איז אַרויסגעגעבּען אין 1874־טען יאָהר.

---

## 1. וועגען איבּערקוקען די קאָנסטיטוציע.

דער פּראָעקט וועגען אומענדערן די קאָנסטיטוציע ווערט פֿרי־
הער אַרומגעקלערט אין בּיידע געזעצגעבּענדע איינריכטונגען (דער נ אַ־
צ יָ אָ נ אַ ל־ראַט און דער ק אַ נ ט אָ נ ע ן־ראַט), און אויבּ ער ווערט
אָנגענומען אין בּ ייִ ד ע ראַטען, דאַרף ער ערשט ווערען בּעשׁטעטיגט
דורך אַנאָבּשׁטימונג פֿון אַלע בּירגער (אַזאַ מין אָרדנונג, וואו די
בּירגער קענען אַליין בּעשׁטימען דעם אָדער יענעם געזעץ, היִיסט
ר ע פֿ ע ר ע נ ד ו ם). דער פּראָעקט ווערט אַ געזעץ, אויבּ עס זאָגען
זיך אַרויס פֿאַר איהם די מ ע ה ר ה ייִ ט פֿ ו ן ד י בּ י ר ג ע ר, וואָס
האָבּען גענומען אַנ'אַנטייל אין דער אָבּשׁטימונג.

אויבּ אָבּער עס טרעפֿט, אַז איין ראַט איז פֿ אַ ר דעם
פּראָעקט פֿון אומענדערונג און איינער ג ע ג ע ן, אָדער אויבּ די אי־
ניציאַטיווע אין דער אומענדערונג שׁטאַמט ניט פֿון די ראַטען, נאָר
עס פֿאָדערט דאָס 50 טויזענד שווייצאַרישע בּירגער (זעה ווייטער:
די רעכטען פֿון די בּירגער), דאַן דאַרף מען פֿאַר אַלצדינג איבּער־
געבּען דעם פּראָעקט דעם שווייצאַרישען פֿאָלק, אַז עס זאָל ד ו ר ך
אַ ר ע פֿ ע ר ע נ ד ו ם בּעשׁטימען, צו דאַרף מען אומבּייטען אין דעם
פּרט די קאָנסטיטוציע, צו ניט. אויבּ די מעהרהייט פֿון די בּירגער,
וואָס האָבּען זיך בּעטייליגט אין רעפֿערענדום וועט זאָגען אַז יע, דאַן
ווערען פֿאַנאַנדערגעלאָזען בּיידע ראַטען, וואָס האָבּען זיך ניט געקענט
אויסגלייכען, און עס ווערען אויסגעקליבּען נייע—וועלכע בּעטראַכ־
טען שוין דעם פּראָעקט אויפֿ'ן געוועהנליכען שׁטייגער.

## 2. די רעכטען פֿון די בּירגער.

אַלע שווייצאַרישע בּירגער זענען גלייך פֿאַר'ן געזעץ. אין דער

שווייץ איז ניטאָ קיין פּריווילעגיעס, וועלכע געהען איבער בירושה. די עפּענטליכע שולען מעגען בעזוכען די אָנהענגער פון אלע רעלי־גיאָנען און די שול טאָר בשום אופן ניט בעריהרען זייער געוויסענס־פרייהייט און זייער פּרייהייט פון גלויבען. ס׳איז גאַראַנטירט די אונ־בעריהרליכקייט פון פּאָסט־ און טעלעגראַפען־קאָרעספּאָנדענץ. קיינער טאָר ניט אויסנוצען זיינע פּאָליטישע רעכטען אין עטליכע קאַנטאָנען צוגלייך. קיין שום קאַנטאָן טאָר ניט אַרויסשיקען זיינעם אַ בירגער פון זיינע גרעניצען. יעדער שווייצאַרישער בירגער מעג וואָהנען וואו ער וויל איבער דער גאַנצער שווייצאַרישער טעריטאָריע. געוויסענס־פרייהייט און רעליגיאָנס־פרייהייט דאַרף בלייבען אונבעריהרט. מען טאָר קיינעם ניט נויטען צו בעטייליגען זיך אין אַ וועלכער ניט איז רעליגיעזער געמיינדע, אָדער צו בעקומען רעליגיעזע בילדונג. מען טאָר קיינעם ניט בעשטראָפען פאַר זיינע רעליגיעזע מיינונגען. מען טאָר ניט בעגרענצען די בירגערליכע און פּאָליטישע רעכטען דורך אַ וועלכע ניט איז רעליגיעזע אָדער גייסטליכע פעראָרדנונג. קיינער טאָר ניט אַרויסשטעלען זיינע רעליגיעזע מיינונגען, אַלס אַ מאָטיוו צו אָפּ־זאָגען זיך פון צו ערפילען זיינע בירגערליכע פפליכטען. קיינער איז ניט מחויב צו צאָהלען פּאָדאַטקעס, אויף אויסצוהאַלטען אַ רעליגיעזע געמיינדע, צו וועלכער ער געהערט ניט. מען טאָר ניט גרינדען אין דער שווייץ קיין מאָנאַסטירען. די פּרעס־פרייהייט איז גאַראַנטירט. די בירגער האָבען דאָס רעכט צו בילדען פעראיינען, נאָר בתנאי, אַז אין זייערע ציעלען און אין זייערע מיטלען זאָל ניט זיין אַ סכנה פאַר דער מלוכה. די בירגער האָבען דאָס רעכט צו דערלאַנגען פּעטיציעס. קיין אויסערגעוועהנליכע געריכ־טען טאָר ניט זיין: אַלע בירגער דאַרפען ווערען געמשפּט אין גע־וועהנליכע געריכטען. עס טאָר ניט זיין קיין גייסטליכע געריכטען. די פערברעכער, וועלכע געפינען זיך אין אַ פרעמדען קאַנטאָן, דאַרפען פון דאָרט אַרויסגעגעבען ווערען אין די הענד פון זייער אָרטיגער רעגירונג, אַחוץ פּאָליטישע פערברעכער און אָנגעקלאָגטע פאַר פּרעס־ענינים: אַזוינע מעג דער פרעמדער קאַנטאָן ניט אַרויס־געבען.

אין אַ צייט פון מלחמה קען אָבגעשאַפט ווערען אויף דער־ווייל די אונבעריהרבאַרקייט פון פּריוואַט־וואָהנונגען.

די בירגער האָבען דאָס רעכט צו נעהמען אַ דירעקטען אנטהייל אין דער געזעצגעבונג. 1) זיי האָבען דאָס רעכט פון געזעצגעבענדער איניציאַטיווע. מיר האָבען שוין גע־זעהען, אַז 50 טויזענד בירגער האָבען דאָס רעכט צו פאָדערן, מ׳זאָל

איבערקוקען די קאָנסטיטוציע. אַחוץ דעם איז דאָ אַ פונקט פון דער קאָנסטיטוציע, אַז אויב 30 טויזענד בירגער, אָדער 8 קאַנטאָנען פאָדערן, מ'זאָל אַריינטראָגען אַ וועלכען ניט איז געזעץ-פּראָעקט אויף דער אָבשטימונג פון'ם גאַנצען פאָלק (רעפערענדום), מוז דאָס ווערען ערפילט. 2) די בירגער האָבען דאָס רעכט צו שטימען דירעקט פאַר אָדער געגען געוויסע געזעצען (דאָס רעכט צו סאַנקציאָנירען געזעצען). דורך רעפערענדום נעהמען די בירגער דירעקט אַנ'אַנטייל אין דער געזעצגעבונג, צוגלייך מיט דעם פּאַרלאַמענט.

### 3. דער ראש פון דער מלוכה.

די שווייצאַרישע קאָנסטיטוציע ווייס ניט פון קיין קעניג, ניט פון קיין פּרעזידענט. אין שווייצאַריע איז אייגענטליך ניטאָ קיין ראש פון דער מלוכה, אין אַזאַ זין, ווי, למשל, אין פראַנקרייך. בראש פון דער מלוכה געפינט זיך דער בונדעס-ראַט (זעה ווייטער). דער פאָרזיצענדער פון דעם בונדעס-ראַט רופט זיך צו גלייכער צייט „פאָרזיצענדער פון דעם גאַנצען בונד“ (זעה ווייטער: דער מיניסטאָרען-קאַבינעט).

### 4. די פּאַלאַטעס.

דער פּאַרלאַמענט (די בונדעס-פערזאַמלונג) בעשטעהט אין דער שווייץ פון צוויי פּאַלאַטעס: 1) דער נאַציאָנאַלער ראַט און 2) דער קאַנטאָנען-ראַט. די דעפּוטאַטען אין נאַציאָנאַלען ראַט ווערען אויסגעקליבען פון דער בעפעלקערונג לויט דעם חשבון: 1 קאַנדידאַט אויף 20,000 איינוואָהנער און אַלענפאַלס ניט ווייניגער פון איין דעפּוטאַט אויף אַ קאַנטאָן. די וואַהל-בעצירקען ווערען איינגעטיילט אַזוי, אַז אין איין וואַהל-בעצירק טאָרען ניט אַריינגעהן קיין שטיקלעך פון פערשיעדענע קאַנטאָנען. די וואַהלען זענען דירעקטע. וואַהל-רעכט האָבען אַלע בירגער — מאַנספּערזאָנען ניט אינגער פון 20 יאָהר, אויב זייער קאַנטאָן האָט ביי זיי ניט צוגענומען זייערע בירגערליכע רעכטען. פאַר אַ דעפּוטאַט קען אויסגעקליבען ווערען יעדער בירגער — נאָר ניט קיין גייסטליכער. דער נאַציאָנאַלער ראַט ווערט אויסגעקליבען אויף 3 יאָהר. די דעפּוטאַטען בעקומען געהאַלט פון דעם בונד.

דער קאַנטאָנען-ראַט בעשטעהט פון 44 דעפּוטאַטען — פאָרשטעהער פון די איינצעלנע קאַנטאָנען. די רעגירונג פון יעדען

קאַנטאָן בעשטימט 2 פֿאָרשטעהער אין קאַנטאָנען=ראַט. די דעפּוטאַטען בעקומען געהאַלט יעדערער פֿון זיין קאַנטאָן.

יעדע פּאַלאַטע קלייבט אויס איהר פֿאָרזיצענדען. ווען די שטימען אין אַ פּאַלאַטע צוטיילען זיך אויף גלייך — ווענדט זיך דער בעשלוס אָן דער מיינונג פֿונ׳ם פֿאָרזיצענדען. יעדער מיטגליעד פֿון די פּאַלאַטעס האָט דאָס רעכט פֿון געזעצגעבענדער איניציאַטיוו. יעדער קאַנטאָן האָט אויך דאָס רעכט פֿאָרצולעגען שריפֿטליך די אָדער יענע געזעץ=פּראָעקטען. די פּאַלאַטעס בעשטימען אַליין דעם טאָג, ווען זיי פֿערזאַמלען זיך אויף זייערע זיצונגען. אין אויסערגעוועהנליכע פֿאַלען קענען זיי צוזאַמענגערופֿען ווערען דורך דעם בונדעס=ראַט, אָדער ווען דאָס פֿאָדערן 1/4 מיטגליעדער פֿון דעם נאַציאָנאַלען ראַט, אָדער 5 קאַנטאָנען.

די זיצונגען קענען פֿאָרקומען נאָר דאַן, ווען ס׳איז דאָ אויף זיי אַנ׳אַבסאָלוטע מעהרהייט פֿון די מיטגליעדער. די בעשלוסען ווערען אָנגענומען מיט אַנ׳אַבסאָלוטער מעהרהייט פֿון שטימען.

## 5. די קאָמפּעטענץ פֿון די פּאַלאַטעס.

די פּאַלאַטעס גיבען אַרויס אַלע געזעצען, וואָס זענען שייך צו דער גאַנצקייט פֿונ׳ם בונד, זיי אָרגאַניזירען אַלע בונדעס=איינריכטונגען (דעם געריכט אויך) און רעגולירען זייער טהעטיגקייט, זיי שליסען אָבמאַכונגען (טראַקטאַטען) מיט אַנדערע מלוכות, זיי פֿערוואַלטען איבער דער אַרמעע, בעשטימען דעם ביודזשעט, בעגנאַדיגען פֿערברעכער און גיבען אַרויס אַמניסטיע. ביידע פּאַלאַטעס זענען די העכסטע אינסטאַנץ אין דער געזעצגעבונג: זייערע בעשלוסען דאַרפֿען ניט האָבען קיין שום סאַנקציע (בעשטעטיגונג) פֿון אַ ראש פֿון דער מלוכה. די שווייצאַרישע קאָנסטיטוציע ווייס ניט פֿון אַזאַ סאַנקציע.

## 6. דער מיניסטאָרען=קאַבינעט.

די ראָלע פֿון אַ מיניסטאָרען=קאַבינעט ערפֿילט דער בונדעס=ראַט. ער בעשטעהט פֿון 7 מיטגליעדער, וועלכע ווערען אויסגעקליבען דורך אַ פֿעראייניגטע פֿערזאַמלונג פֿון די פּאַלאַטעס (נאַציאָנאַלער ראַט און קאַנטאָנען=ראַט). אויסגעקליבען ווערען זיי אויף 3 יאָהר. זיי גיבען אָב דין וחשבון פֿאַר די פּאַלאַטעס. פֿאַר אַ מיטגליעד פֿונ׳ם בונדעס=ראַט קען אויסגעקליבען ווערען יעדער בירגער,

וועלכֿער האָט דאָס רעכֿט צו אויסגעקליבען ווערען אין נאַציאָנאַלען ראַט, אָבער צוויי פֿון איין און דעם זעלבען קאַנטאָן טאָר מען ניט קלייבען. דער בונדעס-ראַט טיילט זיך אויף בעזונדערע דעפּאַרטאַמענטען. בראש פֿון יעדען דעפּאַרטאַמענט שטעהט איין מיטגליעד פֿונ'ם בונדעס-ראַט. פֿעראַנטוואָרטליך איז אָבער פֿאַר אַלצדינג דער בונדעס-ראַט אינגאַנצען, אַלס איין אַיינריכֿטונג. איין מיטגליעד פֿונ'ם בונדעס-ראַט ווערט דורך די פּאַלאַטעס בעשטימט פֿאַר אַ פֿאָרזיצענדען פֿונ'ם ראַט — ער הייסט אויך דער פֿאָרזיצענדער (פּרעזידענט) פֿונם בונד — און איינער — פֿאַר זיין געהילף.

דער בונדעס-ראַט האָט געזעצגעבענדע איניציאַטיוו. די מיטגליעדער פֿונ'ם בונדעס-ראַט נעהמען אַנ'אַנטייל אין די דעבאַטען פֿון די פּאַלאַטעס. אין דער צייט, ווען די זיצונגען פֿון די פּאַלאַטעס קומען ניט פֿאָר, קען דער בונדעס-ראַט מיט זיין אייגענער מאַכֿט רופֿען דאָס מיליטייר צום געוועהר — אויב ס'איז אַ דרינגענדע נויט און מען קען ניט וואַרטען. ער איז אָבער מחויב תיכף צוזאַמענרופֿען די פּאַלאַטעס, אויב ער האָט גערופֿען צום געוועהר מעהר ווי 2 טויזענד מאַן און אויף אַ משך מעהר ווי 3 וואָכֿען. דער בונדעס-ראַט גיט אַכֿטונג, אַז די קאָנסטיטוציע פֿון איינצעלנע קאַנטאָנען זאָל בלייבען אונבעריהרט.

## 7. פֿינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי און זאָ ווייטער.

אין דער שווייצאַרישער קאָנסטיטוציע (פּונקט 13) שטעהט: „די קאָנפֿעדעראַציע (דער בונד) טאָר ניט האַלטען קיין שטענדיגע אַרמעע. יעדער קאַנטאָן טאָר ניט האַלטען מעהר, ווי 300 מאַן שטענדיגע אַרמעע אָהן דער ערלויבניס פֿון דער בונדעס-רעגירונג. זשאַנדאַרמען געהען ניט אַריין אין דער צאָהל". אין דער צייט פֿון אַ מלחמה קען יעדער שווייצאַרישער בירגער גערופֿען ווערען צום געוועהר. אין דער צייט פֿון שלום עקזיסטירט אַנשטאָט אַנ'אַרמעע אַ פֿאָלקס-מיליץ. זי בעשטעהט פֿון בירגער, וועלכֿע ווערען פֿון צייט צו צייט גערופֿען אויף 6 וואָכֿען צו לערנען זיך די מיליטער-קונסט. יעדער פֿון די גערופֿענע בעקומט געוועהר, וועלכֿעס בלייבט ביי איהם אין די הענד אויף שטענדיג, אַלס זיין אייגענטהום. אין דער קאָנסטיטוציע שטעהט, אַז די שווייץ טאָר ניט שליסען קיין קאַפּיטולאַציע (אונטערגעבען זיך) אין אַ מלחמה.

די רעגירונג פֿון יעדען קאַנטאָן קען אַרויסגעבען געזעצען, וואָס זענען שייך נאָר צו דעם קאַנטאָן און גיהען ניט געגען די בונדעס־געזעצען. דער בונד טאָר ניט אומענדערן די גרעניצען פֿון אַ קאַנטאָן, אָדער זיין קאָנסטיטוציע. דאָך טאָרען די קאָנסטיטוציעס פֿון די קאַנ־טאָנען ניט זיין געגענזעצליך צו די געזעצען פֿונ'ם בונד, זיי דאַרפֿען זיין רעפובליקאַנישע און דאַרפֿען זיין בעשטעטיגט דורך די מעהרהייט בירגער פֿון יעדען קאַנטאָן. אויב אַ מעהרהייט פֿון די בירגער פֿאָדערט, אומענדערן די קאַנטאָן־קאָנסטיטוציע, מוז זי ווערען אומגעענדערט. ערקלערען מלחמה, שליסען שלום, שליסען אָבמאַכונ־גען מיט די איבריגע מלוכות — דאָס אַלעס געהערט צו דער קאָמ־פּעטענץ פֿונ'ם בונד. דאָך האָבען די איינצעלנע קאַנטאָנען דאָס רעכט צו שליסען צווישען זיך און מיט די פֿרעמדע מלוכות אָבמאַכונגען וועגען ווירטשאַפֿטליכע און פּאָליציייִשע פֿראַגען, ווי אויך וועגען שכנ'ישע בעציהונגען צו די איבריגע מלוכות.



# איטאַליען.

## אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע.

די קאָנסטיטוציע שטאַמט פֿון 1848 יאָהר. דאַמאָלסט איז זי אויסגעאַרבייט געוואָרען פֿאַר דער איטאַליענישער פּראָווינץ פּיעמאָנט. אין 1866 ביי דער פֿעראייניגונג פֿון איטאַליען איז אָנגענומען געוואָרען די זעלבע קאָנסטיטוציע פֿאַר גאַנץ איטאַליען.

### 1. וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע.

אין דער קאָנסטיטוציע איז ניט אָנגעוויזען, אויף וואָס פֿאַר אַן־אופֿן זי קען אומגעביטען ווערען.

### 2. די רעכטען פֿון די בירגער.

עס עקזיסטירט פֿרייהייט פֿון פֿערזאַמלונגען און פֿעראיינען. עס עקזיסטירט אויך דרוק־פֿרייהייט, נאָר רעליגיעזע ביכער (געבעט־ביכער, עוואַנגעליום, קאַטעכיזים א. ז. וו.) טאָרען ניט געדרוקט ווערען אָהן דער ערלויבניס פֿונ'ם בישאָף. די הערשענדע רעליגיאָן איז די קאַטוילישע. די איבריגע רעליגיאָנען ווערען געדולדעט. איינינע קאַטעגאָריען בירגער קענען לויט געזעץ ניט דערלאָזען ווערען צו מלוכה־דיענסט. די בירגער האָבען דאָס רעכט פֿון פּעטיציעס.

### 3. דער ראש פֿון דער מלוכה.

בראש פֿון דער מלוכה שטעהט דער איטאַליענישער קעניג. ער רופֿט צוזאַמען די פּאַלאַטעס, ער לאָזט זיי פֿאַנאַנדער, נאָר זיי מוזען צוזאַמענגערופֿען ווערען ניט שפּעטער פֿון 4 מאָנאַטען נאָך'ן פֿאַנאַנדערלאָזען. ער האָט געזעצגעבענדע איניציאַטיוו; ער סאַנקציאָנירט (בעשטעטיגט) און פּובליקירט די געזעצען. ער האָט דאָס רעכט צו בעגנאַדיגען פֿערברעכער און אַרויסגעבען אַמניסטיע. ער גיט אַרויס פֿעראָרדנונגען דער אַדמיניסטראַציע. ער בעשטימט און זאָגט

אָב די מיניסטאָרען און די ריכטער. ער פיהרט אָן די אַרמעע, ער קען ערקלערן מאָביליזאציע, ער שליסט טראַקטאַטען (אָבמאַכונגען). ער קען מאַכען געוועהנליכע בירגער פאַר אַדעליגע. זיין ציוויל־ליסטע בעטרעפט 14 מיליאָן 250 טויזענד פראַנק.

## 4. די פאַלאַטעס.

דער פּאַרלאַמענט בעשטעהט פון 1) אַ דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע און 2) אַ סענאַט. וואהל־רעכט אין דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע האָבען: 1) די, וואָס צאָהלען יעדעס יאָהר ניט וועניגער פון 19 פראַנק 80 סאַנטים דירעקטע מלוכה־שטייערן, 2) די, וואָס האַלטען אין אַרענדע אַ שטיקעל ערד און צאָהלען פאַר דער אַרענדע ניט וועניגער פון 500 פראַנק אַ יאָהר, 3) די, וואָס דינגען אין שטאָדט אַ דירה פאַר זיך אָדער פאַר זייער געשעפט און צאָהלען דירה־געלד ניט וועניגער פון 150—400 פראַנק אַ יאָהר (ס׳ווענדט זיך, ווי נאָך דער גרויס פון דער געמיינדע), 4) די, וואס האָבען געענדיגט לכל־הפּחות אַ פאָלקס־שול. ס׳האָבען ניט קיין וואהל־רעכט: 1) די, וואָס זענען אינגער פון 21 יאָהר, 2) די, וואָס האָבען אָנגעוואָרען זייערע בירגערליכע אָדער פּאָליטישע רעכטען, 3) די, וואָס קענען ניט לעזען און שרייבען, 4) די, וואָס לעבען פון קצבה, 5) די, וואָס האָבען ניט געוואָהנט אויף איין אָרט די לעצטע 6 חדשים פאַר די וואהלען (דאָס, וואָס ס׳טאָרען ניט וועהלען די בירגער, וועלכע קענען ניט לעזען און שרייבען, שליסט אויס פון די וואהלען אַנ׳ערך 60 פּראָצענט ערוואַקסענע איטאַליענער). פאַר דעפּוטאַטען קענען אויסגעקליבען ווערען די, וואָס זענען ניט אינגער פון 30 יאָהר. אויסגעקליבען ווערען זיי אויף 5 יאָהר. די פּאַלאַטע קלייבט אַליין אויס איהר פּאָרזיצענדען.

דער סענאַט בעשטעהט פון מיטגליעדער, וועלכע ווערען בעשטימט דורך דעם קעניג; אַהין געהען אַריין אויך די פירסטען פון דער קעניגליכער משפּחה, וועלכע זענען עלטער פון 21 יאָהר. די צאָהל סענאַטאָרען איז אין דער קאָנסטיטוציע ניט בעשטימט. דער פּרעזידענט אין סענאַט ווערט בעשטימט דורך׳ן קעניג. דער קעניג קען פערוואַנדלען דעם סענאַט אין אַ געריכט צו משפּט׳ן די מיניסטאָרען, ווי אויך די, וואָס ווערען בעשולדיגט אין מלוכה־פערראַט.

די דעפּוטאַטען און סענאַטאָרען שווערען צו זיין טריי דעם קעניג, דער קאָנסטיטוציע און די געזעצען. געהאַלט בעקומען זיי ניט.

### 5. די קאָמפּעטענץ פֿון די פּאַלאַטעס.

יעדע פּאַלאַטע האָט גלייך מיט'ן קעניג געזעצגעבענדע איני־ציאַטיווע. אָהן דעם הסכם פֿון די פּאַלאַטעס קען ניט ווערען אַרויס־געגעבען קיין שום געזעץ. דער בּיודזשעט דאַרף פֿריהער בּעשטע־טיגט ווערען אין דער דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע. אויב איינער פֿון די דריי געזעצגעבער (דער קעניג, דער סענאַט, אָדער די דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע) וויל ניט בּעשטעטיגען אַ וועלכען ניט איז געזעץ־פּראָעקט, קען ער ניט ווערען קיין געזעץ.

### 6. דער מיניסטאָרען־קאַבּינעט.

ס'איז איינגעפֿיהרט אַזאַ מנהג, אַז דער קעניג בּעשטימט מיניסטאָרען פֿון דער פּאַרטיי, וועלכע בּילדעט די מעהרהייט אין פּאַרלאַמענט. עס עקזיסטירט פּאָליטישע פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון די מיניסטאָרען.

### 7. פֿינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי און זאָ ווייטער.

די געמיינדעס האָבּען זייער איינענע מיליציע (זי שפּיעלט די ראָלע פֿון פּאָליציי). קיין אויסערגעוועהנליכע געריכטען טאָרען ניט איינגעפֿיהרט ווערען. די איטאַליענישע קאָנסטיטוציע אַנערקענט דעם רוימישען פּאַפּסט פֿאַר אַ מאָנאַרך אין זיינע פּאַלאַצען, גע׳רטנער און ערדען, וועלכע זענען אויסגערעכענט אין אַ בּעזונדערן אַקט — פֿאַר אַנ'אונאַבּהענגיגע מלוכה. דער פּאַפּסט בּעקומט יעדעס יאָהר פֿון דער איטאַליענישער רעגירונג געהאַלט (ציוויל־ליסטע) 3 מיליאָן 225 טויזענד פֿראַנק. די צענטראַל־רעגירונג (פֿון איטאַליען) בּעשטימט די קאָנסטיטוציעס פֿון די איטאַליענישע קאָלאָניעס.



# שְׁפַּאנִיעֶן.

## אַ קָאנְסְטִיטוּצִיאָנֶעלֶע מָאנַארְכִיע.

**דִי קָאנסטִיטוּצִיָע אַרויסגעגעבען אִין 1876 יאָהר.**

### 1. װעֶגעֶן אִיבּעֶרקוּקעֶן
### דִי קָאנסטִיטוּצִיֶע.

װעֶגעֶן אִיבּעֶרקוּקעֶן דִי קָאנסטִיטוּצִיֶע אִיז קֵיין ספּעֶצִיעֶלעֶ געֶזעֶצעֶן נִיטאָ.

### 2. דִי רעֶכטעֶן פֿוּן דִי בִּירגעֶר.

פֿרַייהַייט פֿוּן פֿעֶרזאַמלוּנגעֶן אוּן פֿעֶראֵיינעֶן. עֶרד אוּן נחלות טאָרעֶן נִיט װעֶרעֶן קאָנפֿיסקִירט. פֿרַייהַייט פֿאַר אַלעֶ בִּירגעֶר צוּ פֿעֶרנעֶהמעֶן מלוּכה־שטעֶלעֶן. אוּנבּעֶרִיהרבּאַרקַייט פֿוּן קאָרעֶספּאָנדעֶנץ. דִי הערשעֶנדעֶ רעֶלִיגִיאָן אִיז דִי קַאטוֹילִישעֶ, דִי אִיבּרִיגעֶ װעֶרעֶן געֶדוּלדעֶט. דִי בִּירגעֶר מעֶגעֶן דעֶרלאַנגעֶן פּעֶטִיצִיעֶס צוּם קעֶנִיג אוּן צוּ דִי פּאַלאַטעֶס.

### 3. דעֶר ראש פֿוּן דעֶר מלוּכה.

בּראש פֿוּן דעֶר מלוּכה שטעֶהט דעֶר קעֶנִיג. עֶר האָט דאָס רעֶכט צוּ פֿאַנאַנדעֶרלאָזעֶן דִי דעֶפּוּטאַטעֶן־פּאַלאַטעֶ אוּן דעֶם אוֹיסגעֶקלִיבּעֶנעֶם טֵייל פֿוּנ'ם סעֶנאַט. עֶר האָט געֶזעֶצגעֶבּעֶנדעֶ אִינִיצִיאַטִיװ. עֶר בּעֶשטעֶטִיגט (סאַנקציאָנִירט) אוּן פּוּבּלִיקִירט דִי געֶזעֶצעֶן. עֶר האָט דאָס רעֶכט צוּ בּעֶגנאַדִיגעֶן, עֶר גִיט אַרוֹיס פֿעֶראָרדנוּנגעֶן דעֶר אַדמִינִיסטראַצִיעֶ. עֶר שטעֶהט בּראש פֿוּן דעֶר אַרמעֶע, עֶרקלעֶרט מלחמה שלִיסט טראַקטאַטעֶן (אָבּמאַכוּנגעֶן).

### 4. דִי פּאַלאַטעֶס.

דעֶר שפּאַנִישעֶר פּאַרלאַמעֶנט (קאָרטעֶסעֶן) בּעֶשטעֶהט פֿוּן 1) אַ דעֶפּוּטאַטעֶן־פּאַלאַטעֶ אוּן 2) אַ סעֶנאַט. װאַהל־רעֶכט אִין דעֶפּוּטאַטעֶן־פּאַלאַטעֶ האָבּעֶן אַלעֶ בִּירגעֶר — מאַנספּעֶרזאָנעֶן נִיט אִינגעֶר פֿוּן 25 יאָהר. זִיי קלַייבּעֶן דעֶפּוּטאַטעֶן — אֵיינעֶם אוֹיף 50 טוֹיזעֶנד אַיינװאָהנעֶר. אַחוּץ דעֶם האָבּעֶן װאַהל־רעֶכט: דִי

האַנדעלס־פּאַלאַטעס, די עקאָנאָמישע פֿעראײנען, די אינדוסטריעלע און ווירטשאַפֿטס־פּאַלאַטעס און די אוניווערזיטעטען. זיי קלייבען דע־פּוטאַטען — איינעם אויף 5 טויזענד איינוואָהנער. די אָבשטימונג איז אַ דירעקטע און אַ געהיימע. אויסגעקליבען ווערען פֿאַר אַ דעפּוטאַט קען יעדער דערוואַקסענער שפּאַניער. די דעפּוטאַטען ווערען אויסגע־קליבען אויף 5 יאָהר. די פּאַלאַטע קלייבט אַליין אויס איהר פֿאָר־זיצענדען.

דער סענאַט בעשטעהט צום טייל פֿון ניט קיין אויסגעקליבענע, צום טייל פֿון אויסגעקליבענע מיטגליעדער. צו די ערשטע געהערען דעם קעניג'ס זיהן, איינציגע אַריסטאָקראַטען און די רייכסטע פּריצים. אויסגעקליבענע סענאַטאָרען זענען פֿאַראַן 180. זיי ווערען אויסגעקליבען אַזוי: די גייסטליכע שיקען פֿון זיך 9 סענאַטאָרען, די אַקאַדעמיעס — 6, די אוניווערזיטעטען — 10, די עקאָנאָמישע פֿעראײי־נען — 5, די איבריגע 150 סענאַטאָרען ווערען אויסגעקליבען דורך די פֿאָרשטעהער פֿון די אָרטיגע זעלבסטפֿערוואַלטונגס־איינריכטונגען צוזאַמען מיט די, וואָס צאָהלען די גרעסטע סומע פּאָדאַטקעס. אַ סענאַטאָר טאָר ניט זיין אינגער פֿון 35 יאָהר. דאָס וואַהל־סיסטעם, לויט וועלכער עס ווערען געקליבען די סענאַטאָרען, קען אומגעביטען ווערען אויף'ן געוועהנליכען געזעצגעבענדען וועג. אַ פֿאָרזיצענדען אין סענאַט בעשטימט דער קעניג.

### 5. די קאָמפּעטענץ פֿון די פּאַלאַטעס.

ווי אין איטאַליען. אַחוץ דעם האָט נאָך די דעפּוטאַטען־פּאַ־לאַטע דאָס רעכט צו רופֿען די מיניסטאָרען צום משפּט. עס משפּט זיי דער סענאַט.

### 6. דער מיניסטאָרען־קאַבינעט.

ווי אין איטאַליען.

### 7. פֿינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי און זאָ ווייטער.

לויט דער פֿאָרלאַגע פֿונ'ם קעניג בעשטימט דער פּאַרלאַמענט יעדעס יאָהר די צאָהל רעקרוטען, וואָס דאַרף ווערען גענומען אין אַרמעע און אין פֿלאָט. די פּראָווינצען ווערען פֿערוואַלטעט דורך אויסגעקליבענע איינריכטונגען.

# פָּארְטוּגַאל.

## אַ קָאנְסטִיטוּצִיאָנֶעלֶע מָאנַארכִיע.

די קָאנסטִיטוּצִיָע אִיז אַרויסגעגעבען אִין 1826 יאָהר.

### 1. װעגען איבּערקוקען די קָאנסטִיטוּצִיָע.

קײן פּונקט פון דער קָאנסטיטוציע טאָר ניט אומגעביטען װערען אָפּטער װי אײן מאָל אִין 4 יאָהר. כּדי די אומענדערונג זאָל װערען דעבּאַטירט, איז נויטיג, אַז עס זאָלען זי פּאָרלעגען אַ דריטעל מיט־גליעדער פון דער דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע. די בּעשטימונג װעגען אומ־ענדערן די קָאנסטיטוציע קען אָנגענומען װערען נאָר נאָך דער דריטער פּאָרלעזונג. אויב די אומענדערונג איז אָנגענומען געװאָרען, װע־רען די פּאַלאַטעס פאַנאַנדערגעלאָזען און ס'װערען אויסגעקליבּען נײע, װעלכע בּעשטימען שוין די פראַגע ענדגילטיג.

### 2. די רעכטען פון די בּירגער.

פרייהייט פון פערזאמלונגען. אונבּעריהרליכקייט פון פּריוואט־קאָרעספּאָנדענץ. דאָס רעכט צו דערלאַנגען פּעטיציעס. ניט קאַטוי־לישע טעמפּלען טאָרען ניט אויסזעהען פון דרויסען װי טעמפּלען. אַלע בּירגער האָבּען דאָס רעכט צו פערנעהמען מלוכה־שטעלען. די מלוכה גיט אַכטונג אויף דעם אַדעל און זיינע פּריװילעגיעס.

### 3. דער ראש פון דער מלוכה.

דער ראש פון דער מלוכה איז דער פּאָרטוגאַלישער קעניג. ער רופט צוזאַמען און לאָזט פאַנאַנדער די פּאַלאַטעס; די נײע פּאַלאַטעס מוזען צוזאַמענגערופען װערען ניט שפּעטער װי 3 חדשים נאָך'ן פאַנאַנדערלאָזען. ער קען אויך אָבּלעגען די זיצונגען פון די פּאַלאַטעס. ער האָט געזעצגעבּענדע איניציאַטיװ, סאַנקציאָנירט (בּע־שטעטיגט) און פּובּליקירט די געזעצען. ער גיט אַרויס פּעראָרדנונגען

דער אַדמינִיסטראַציָע. ער ערקלערט מלחמה, שלִיסט טראַקטאַטען. ער שווערט צו בלײַבען טרײַ דער קאַטוילִישער רעלִיגיאָן, צו בעשיצען די גאַנצקײַט פֿון דער טעריִטאָריע. אָהן דעם הסכּם פֿון דעם פּאַרלאַמענט טאָר ער נִיט אַרויספֿאָהרען פֿון דער מלוּכה מעהר, ווי אויף 3 מאָנאַטען.

## 4. די פּאַלאַטעס.

דער פּאַרלאַמענט (קאָרטעסען) בעשטעהט פֿון 1) אַ דעפּוּטאַטען־פּאַלאַטע און 2) אַ פּערען־פּאַלאַטע. וואַהלרעכט אין דער דעפּוּטאַטען־פּאַלאַטע האָבען אַלע ערוואַקסענע בירגער־מאַנספּערזאָנען נִיט אינגער פֿון 21 יאָהר, וועלכע קענען לייענען און שרײַבען, אָדער וועלכע האָבען אַ פֿאַמִילִיע (אַ ווײַב מִיט קִינדער), אָדער וועלכע האָבען הכנסה נִיט וועניגער פֿון 560 פֿראַנק אַ יאָהר. די וואַהלען זענען דירעקטע און געהיימע. די דעפּוּטאַטען ווערען אויסגעקלִיבען אויף 3 יאָהר. זיי בעקומען געהאַלט. אַ פֿאָרזיצענדען בעשטִימט דער קעניג איינעם פֿון די 5 קאַנדִידאַטען, וועלכע די פּאַלאַטע שטעלט איהם צו.

אין דער פּערען־פּאַלאַטע איז פֿאַראַן 1) אַזוינע מִיטגלִיעדער, וואָס האָבען זייער מִיטגלִיעדערשאַפֿט בירושה, 2) אַזוינע, וואָס ווערען בעשטִימט פֿונ'ם קעניג און 3) אויסגעקלִיבענע. בירושה געהערען צו דער פּערען־פּאַלאַטע די פּרִינצען פֿונ'ם קעניג'ס משפּחה, די פּערען (העכערע אַדעלִיגע) פֿון פּאָרטוגאַל און די העכערע גלחים. בעשטִימט פֿונ'ם קעניג (אויף אַ צײַט וויפֿיעל זיי וועלען לעבען) ווערען 100 מִיטגלִיעדער; אויסגעקלִיבען פֿון די זעלבסטפֿערוואַלטונגס־איינריכטונגען — 45, פֿון די העכערע שולען — 5. די פּערען־פּאַלאַטע ווערט צוזאַמענגערופֿען אויף 6 יאָהר. אַ פֿאָרזיצענדען בעשטִימט דער קעניג.

## 5. די קאָמפּעטענץ פֿון די פּאַלאַטעס.

אין אַלגעמיין — ווי אין שפּאַניען. נאָר אין פּאָרטוגאַל ווערען בעשטִימונגען וועגען דער צאָהל רעקרוטען פֿריהער אָנגענומען אין דער דעפּוּטאַטען־פּאַלאַטע. די פּערען־פּאַלאַטע איז אויך דער העכערער געריכט. דאָ ווערען גע'משפּט: די מִיטגלִיעדער פֿון דעם קעניג'ס פֿאַמִילִיע, די מִינִיסטאָרען, די יועצים (זעה פֿאָלגענדען №) און די פּערען.

## 6. דער מיניסטארען־קאבינעט.

אין אלגעמיינען — ווי אין איטאליען (זעה דארט). אחוץ די מי־ניסטארען עקזיסטירט א מלוכה־ראט, וועמענס מיטגליעדער עס ווערען בעשטימט פונ'ם קעניג אויף די גאנצע צייט פון זייער לעבען; אין מלוכה־ראט געהט אריין אויך דער יורש פון דעם טראן, אז ער ווערט אלט 18 יאהר. די מיטגליעדער פון דעם מלוכה־ראט (די יועצים) גיבען עצות דעם קעניג און דער אדמיניסטראציע אין די וויכטיג־סטע פראגען.

## 7. פינאנסען, ארמעע, פאליציי און זא ווייטער.

איבער די פינאנסען איז ממונה א בעזונדער קאמיסיע (טרי־בונאל); זי ערפילט דעם ביודזשעט, וועלכער ווערט אויסגעארבייט דורך דעם מיניסטער און בעשטעטיגט דורך דעם פארלאמענט. אין א צייט פון מלחמה קען מען רופען אלע בירגער צום געוועהר. דאס מיליטער קען אנגעווענדט ווערען אויך געגען אינווענינגסטען שונא.



# סֶערְבִּיעֶן.

## אַ קאָנְסְטִיטוּצִיאָנֶעלֶע מָאנַארְכִיע.

די קאָנסטיטוציע איז ארויסגעגעבען אין 1888-89 יאָהר.

### 1. וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע.

אַ פּראָעקט וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע קען שטאַמען אָדער פֿונ'ם קעניג, אָדער פֿון דער סקופּשטשינע (פּאַרלאַמענט). אויב ער שטאַמט פֿונ'ם קעניג, מוז ער ווערען אַריינגעטראָגען אין 2 סקופּשטשינעס נאָכאַנאַנד (פֿריהער אין איינער, נאָכדעם, ווען די געהט זיך פֿאַנאַנדער און ס'ווערט צוזאַמענגערופֿען אַ נייע, — דאַרף מען אַריינטראָגען דעם פּראָעקט אין דער נייער סקופּשטשינע). אויב ער ווערט אָנגענומען פֿון ביידע, דאַרף מען ערשט נאָכדעם צוזאַמענרופֿען אין אַ משך פֿון 4 חדשים די גרויסע סקופּשטשינע און זי נעהמט שוין אָן דעם פּראָעקט.

אויב דער פּראָעקט שטאַמט פֿון דער סקופּשטשינע, מוז ער אָנגענומען ווערען ניט אַנדערש 3 מאָל אויף 3 זיצונגען נאָכאַנאַנד; צווישען איין זיצונג און דער צווייטער דאַרף דויערן ניט ווייניגער פֿון 5 טעג. ביי דער אָבשטימונג דאַרף זיין ניט ווייניגער פֿון $3/4$ דעפּוטאַטען-מיטגליעדער פֿון דער סקופּשטשינע און דער פּראָעקט קען אָנגענומען ווערען מיט אַ מעהרהייט ניט ווע־ניגער פֿון $2/3$ שטימען פֿון די פֿערזאַמעלטע. נאָכדעם, אויב דער פּראָעקט איז אָנגענומען, דאַרף צוזאַמענגערופֿען ווערען אין אַ משך ניט מעהר ווי 4 חדשים די גרויסע סקופּשטשינע, וועלכע נעהמט שוין אָן דעם פּראָעקט.

דער בעשלוס פֿון דער גרויסער סקופּשטשינע דאַרף נאָך ווע־רען בעשטעטיגט פֿונ'ם קעניג.

### 2. די רעכטען פֿון די בירגער.

אונבעריהרבאַרקייט פֿון פּערזאָן. ביים אַרעסטירען עמיצען דאַרף מען איהם ווייזען אַ בעפֿעהל וועגען אַרעסט אין ערקלערן, פֿאַר וואָס ער ווערט אַרעסטירט. די הערשענדע רעליגיאָן איז די גריכיש-קאַ־טוילישע; ווער עס געהערט צו דער הערשענדער רעליגיאָן, טאָר

זי ניט אומבײַטען אויף אַנאַנדערער. די קײזערליכע פאַמיליע מוז געהערען צו דער הערשענדער רעליגיאָן. עס עקזיסטירט פרײַהײַט פון וואָרט, פרײַהײַט פון פערזאַמלונגען און פעראײנען, אונבעריהרבאַרקײַט פון בריעף און דעפּעשען. אַלע רעליגיאָנען, וועלכע זענען ניט קײַן סכּנה דער אָרדנונג און דער עפענטליכער מאָראַל, געניסען פון אַלע פרײַהײַטען. די בירגער האָבען דאָס רעכט פון פּעטיציעס און דאָס רעכט צו אָנקלאָגען די בעאַמטע.

## 3. דער ראש פון דער מלוכה.

בראש פון דער מלוכה שטעהט דער קעניג. איהם געהערט די עקזעקוטיווע מאַכט, ער בעשטעטיגט (סאַנקציאָנירט) און פּובליקירט די געזעצען. ער בעשטימט די מיניסטאָרען און אַלע בעאַמטע פון דער מלוכה. ער פיהרט אָן די אַרמעע. ער האָט צו שאַפען אײַבער אויסגיסען מטבעות. ער האָט דאָס רעכט צו בעגנאַדיגען און צו אַרויסגעבען אַמניסטיע. ער איז דער פאָרשטעהער פון דער מלוכה פאַר פרעמדע מלוכות. ער ערקלערט מלחמה, שליסט שלום, שליסט טראַקטאַטען (אָבמאַכונגען) מיט אַנדערע מלוכות. טראַקטאַטען, וואָס לעגען אַרויף אַ משא אויף די פינאַנסען פון דער מלוכה, אָדער וואָס בעריהרען די רעכטען פון די סערבישע בירגער, קענען ווערען געשלאָסען נאָר מיט דעם הסכם פון דער סקופּשטשינע. דער קעניג רופט צוזאַמען און לאָזט פאַנאַנדער די סקופּשטשינע. דער בעפעהל וועגען פאַנאַנדערלאָזען דאַרף זײַן אונטערגעשריבען (קאָנטראַסיגנירט) דורך אַלע מיניסטאָרען און דאַרף בעשטימען נײַע וואַהלען אין אַ משך ניט שפּעטער פון 2 חדשים. דער קעניג קען אָבלעגען די זיצונגען פון דער סקופּשטשינע, אָבער ניט מעהר ווי אײן מאָל אין סעסיע און ניט לענגער ווי אויף 2 חדשים.

## 4. די פּאַלאַטע.

דער פּאַרלאַמענט אין סערביען בעשטעהט פון אײן פּאַלאַטע — די סקופּשטשינע (די געוועהנליכע סקופּשטשינע; אין אויסערגעוועהנליכע פאַלען ווערט צוזאַמענגערופען די גרויסע סקופּשטשינע, וועלכע בעשטעהט פון 2 מאָל אַזוי פיעל דעלעגאַטען, ווי די געוועהנליכע. איהר קאָמפּעטענץ זעה פאָלגענדען קאַפּיטעל). די וואַהלען אין סקופּשטשינע זענען גלײַכע, דירעקטע און געהײמע, אָבער ניט קײַן אַלגעמײנע: וואַהל־רעכט האָבען נאָר

די מאַנספּערזאָנען, וועלכע צאָהלען יעדעס יאָהר לכל־הפּחות 15 פראַנק דירעקטע שטייער. די וועהלער דאַרפען זיין ניט אינגער פון 21 יאָהר. אויסגעקליבען קען ווערען נאָר אַזא סערב, וועלכער וואָהנט שטענדיג אין סערביען, צאָהלט ניט ווייניגער פון 30 פראַנק פּאַ־דאַטקעס אַ יאָהר און איז ניט אינגער פון 30 יאָהר. די דעפּוטאַטען ווערען אויסגעקליבען אויף 3 יאָהר. די סעסיעס פון דער סקופּשטשי־נע קומען פאַר יעדעס יאָהר און דאַרפען דויערן ניט ווייניגער פון 6 חדשים. די דעפּוטאַטען בעקומען געהאַלט און הוצאות אויף צו פאָהרען. די סקופּשטשינע קלייבט זיך אַליין אויס אַ פּאָרזיצענדען. אויב די סקופּשטשינע האָט דורכגעוואָרפען אַ געזעץ־פּראָעקט פון דער רעגירונג, טאָר מען איהם ניט אַריינטראָגען נאָך אַ מאָל אויף צו אַרומקלערען אין דער זעלביגער סעסיע.

## 5. די קאָמפּעטענץ פון דער פּאַלאַטע.

די סקופּשטשינע אַרבייט אויס געזעצען, שאַפט אָב אַלטע און טייטשט אויס דעם פּשט פון די עקזיסטירענדע געזעצען. זי בעשטימט פּאָדאַטקעס, מאַכט אָנפּראַגען ביי די מיניסטאָרען וועגען זייערע מעשים. די גרויסע סקופּשטשינע בעשטימט: 1) די פאָרם פון דער מלוכה, אויב עס בלייבט ניט קיין יורש אין דער קעניגליכער פאַמיליע; זי קען, אויב זי נעפינט פאַר נויטיג, בעשטימען אַ נייע קעניגליכע פאַמיליע אויפ'ן אָרט פון דער פרי־העררדיגער; 2) זי בעשטימט אַ רעגענט פאַר קעניג, אויב דער פריהעררדיגער קעניג איז געשטאָרבען און זיין יורש איז נאָך צו יונג; 3) זי בעשטימט וועגען אומבייטען די קאָנסטיטוציע און די טעריטאָריע פון סערביען.

## 6. דער מיניסטאָרען־קאַבינעט.

אַחוץ דעם מיניסטעריום עקזיסטירט אַ מלוכה־ראַט. די מיניסטאָרען ווערען בעשטימט דורך'ן קעניג. אַ מיטגליעד פון דעם קעניג'ס משפחה טאָר קיין מיניסטער ניט זיין. די מיניסטאָרען זענען פעראַנטוואָרטליך פאַר'ן קעניג און פאַר דער סקופּשטשינע, און קע־נען דורך זיי געריכטען ווערען צום געריכט. גע'משפּט ווערען די מי־ניסטאָרען אין אַ העכערען מלוכה־געריכט, וועלכער בעשטעהט פון דעם מלוכה־ראַט און דעם קאַסאַציאָנס־געריכט. אויב אַ מיניסטער ווערט פער'משפּט, קען דער קעניג איהם בעגנאַדיגען נאָר מיט'ן הסכם

פֿון דער סקופּשטשינע. ס'עקזיסטירט פּאָליטישע פֿעראַנטוואָרטליכקייט פֿון די מיניסטאָרען.

דער מלוכה־ראַט בעשטעהט פֿון 16 מיטגליעדער, וועלכע פֿערנעהמען זייער שטעל ווי לאַנג זיי לעבען. 8 פֿון זיי בעשטימט דער קעניג פֿון צווישען 16 קאַנדידאַטען, וועלכע די סקופּשטשינע לעגט איהם פֿאָר; 8 בעשטימט די סקופּשטשינע פֿון צווישען 16 קאַנדידאַטען, וועלכע דער קעניג לעגט איהר פֿאָר. דער מלוכה־ראַט אַרבייט אויס געזעץ־פּראָעקטען און אַדמיניסטראַטיווע פֿעראָרדנונגען; ער זאָגט אַרויס זיין מיינונג וועגען די פֿראַגען, וועלכע די רעגירונג לעגט איהם פֿאָר. ער זאָגט אַרויס זיין מיינונג וועגען אַלע געזעץ־פּראָעקטען, וועלכע די סקופּשטשינע אָדער די רעגירונג האָט אויסגעאַרבייט.

## 7. פֿינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי און זאָ ווייטער.

די גרובען (מינען) געהערען צו דער מלוכה. די מלוכה קען זיי אָבגעבען פּריוואַט־מענשען אויף אַרענדע, נאָר אויף אַזוינע תּנאים, וועלכע זענען אויסגעטייטשט אין געזעץ, און אויף אַ בעשטימטען טערמין. דעם קעניג'ס מאַיאָנטקעס און די מלוכה־מאַיאָנטקעס זענען געזעצליך אָבגעזונדערט איינע פֿון די צווייטע. דער בּיודזשעט ווערט בעשטימט דורך דער סקופּשטשינע. אויף די פֿינאַנסען גיט אַכטונג אַ קאָנטראָל־קאָמיסיע, וועלכע ווערט בעשטימט פֿון דער סקופּשטשינע. עס עקזיסטירט אַלגעמיינע מיליטער־פּפֿליכט. אויסלענדישע מיליטער טאָר סערביען ניט דינגען, און פֿערקעהרט—סערבישעס מיליטער טאָר ניט ווערען פֿערדונגען אין אַ פֿרעמדע מלוכה. דער געריכט איז אונאָבהעניג און דאַרף פֿאָלגען נאָר דעם געזעץ. ניט די עקזעקוטיווע, ניט די געזעצגעבענדע מאַכט טאָר זיך ניט מישען אין די ענינים פֿון געריכט. מען טאָר ניט איינפֿיהרען קיין שום אויסערגעוועהנליכע געריכטען. מען טאָר ניט בעשטראָפֿען מיט טויט־שטראָף, אָדער מיט קאָנפֿיסקירען דעם פֿערמעגען. די ריכטער בעשטימט דער קעניג; זיי קענען ניט אָבגעזאָגט ווערען פֿון זייער שטעל און ניט איבערגעפֿיהרט ווערען אין קיין אַנדער אָרט אָהן זייער איינגענעם הסכם. די ריכטער טאָרען ניט פֿערנעהמען קיין אַנדער אַמט. פּאָליטישע פֿערברעכער פֿון פֿרעמדע לענדער טאָרען ניט אַרויסגעגעבען ווערען זייערע רעגירונגען. די סערבישע קירכע איז אויטאָנאָם און ניט אָבהעניג פֿון אויסלענדישע

אַיינריכטונגען. ס׳פּערוואַלטעט איבער דער קירכע דער סינאָד. דער מיניסטער פון רעליגיאָן קאָנטראָלירט אַלע ענינים פון דער קירכע. אַלע זענען מחויב זיך לערנען לכל־הפּחות אין אַ פאָלקס־שול. אין די פאָלקס־שולען לערנט מען אומזיסט. עפענען שולען (פּריוואַטע) מעג יעדערער. אַלע שולען (אי די עפענטליכע, אי די פּריוואַטע) שטעהען אונטער׳ן קאָנטראָל פון דער מלוכה.



# רוּמֶעניִעֶן.

## אַ קאָנסטיטוּציאָנעֶלעֶ מאָנאַרכיע.

די קאָנסטיטוּציִעֶ איז אױסגעארבײַט אין 1866 יאָהר און טײַלװײַז אוּמגעֶענדעֶרט אין 1884 יאָהר.

### 1. װעֶגעֶן איבעֶרקוּקעֶן די קאָנסטיטוּציִעֶ.

אַרײַנטראָגעֶן אַ פּראָעֶקט װעֶגעֶן אוּמבײַטעֶן די קאָנסטיטוּציִעֶ קעֶן אָדעֶר דעֶר קעֶניג, אָדעֶר די פּאַלאַטעֶס. װעֶן דעֶר דאָזיגעֶר פּראָעֶקט װעֶרט אָנגעֶנוּמעֶן אין בײדעֶ פּאַלאַטעֶס (פריהעֶר דאַרף עֶר אַרוּמ־געֶקלעֶרט װעֶרעֶן 3 מאָל), דאַן װעֶרעֶן בײדעֶ פּאַלאַטעֶס פּאַנאַנדעֶר־געֶלאָזעֶן, און עֶרשט די נײַ־צוּזאַמעֶנגעֶרוּפעֶנעֶ פּאַלאַטעֶס בעֶטראַכטעֶן דעֶם פּראָעֶקט און בעֶשליסעֶן איהם עֶנדגילטיג. בײַ די אָבשטימוּנגעֶן דאַרף זײַן ניט װעֶניגעֶר פוּן 2/3 מיטגליעדעֶר פוּן די פּאַלאַטעֶס און אָנגעֶנוּמעֶן דאַרף דאָס װעֶרעֶן מיט אַ מעֶהרהײַט לכל־הפּחות פוּן 2/3 דעֶרבײַגעֶװעֶזעֶנעֶ מיטגליעדעֶר. נאָכדעֶם דאַרף עֶרשט דעֶר פּראָעֶקט בעֶשטעֶטיגט װעֶרעֶן פוּן דעֶם קעֶניג.

װעֶן עֶס הערשט אַ דעֶרװײַליגעֶר קעֶניג (רעֶגעֶנט) ביז דעֶר יורש פוּן דעֶם טראָן װעֶט אוּנטעֶרװאַקסעֶן, טאָר מעֶן אין דעֶר קאָנ־סטיטוּציִעֶ קײן שוּם אוּמעֶנדעֶרוּנגעֶן ניט מאַכעֶן.

### 2. די רעֶכטעֶן פוּן די בירגעֶר.

געֶװיסעֶנס־פרײַהײַט. פרײַהײַט פוּן פעֶרזאַמלוּנגעֶן (נאָר ניט אוּנ־טעֶרן פרײַעֶן הימעֶל), פרײַהײַט פוּן פעֶראײנעֶן. פּרעֶס־פרײַהײַט. דאָס רעֶכט פוּן פּעֶטיציִעֶס. דאָס רעֶכט צוּ רוּפעֶן צוּם משפּט אַלעֶ פאָר־שטעֶהעֶר פוּן דעֶר אַדמיניסטראַציִעֶ, אַחוּץ די מיניסטאָרעֶן. אוּנבעֶ־ריהרבאַרקײַט פוּן פּריװאַט־קאָרעֶספּאָנדעֶנץ.

### 3. דעֶר ראש פוּן דעֶר מלוּכה.

בראש פוּן דעֶר מלוּכה שטעֶהט דעֶר קעֶניג. עֶר האָט דאָס רעֶכט פוּן געֶזעֶצגעֶבעֶנדעֶר איניציאַטיװ, עֶר בעֶשטעֶטיגט (סאַנקציאָ־

ניִרט) און פּובליִקיִרט די גֶעזֶעצֶען. איהם גֶעהֶערט דאָס וועטאָ-רעֶכט. עֶר שליִסט טראַקטאַטען, אָבער נאָר מיִט דעֶם הסכם פֿון די פּאַ-לאַטעֶס. עֶר קעֶן אַמניִסטיִרעֶן (נאָר פּאָליִטיִשעֶ פֿערברעֶכער) און בּעֶ-גנאַדיִגעֶן אַלעֶרליי פֿערברעֶכער, אַחוץ די מיִניִסטאָרעֶן, אויב זיי וועֶרעֶן פֿעֶר׳משפּט. עֶר בּעֶשטיִמט און זאָגט אָב די מיִניִסטאָרעֶן; עֶר קעֶן רופֿעֶן די מיִניִסטאָרעֶן צום משפּט. עֶר בּעֶשטיִמט די בּעֶאַמטעֶ און שטעֶהט בּראש פֿון דעֶר אַדמיִניִסטראַציִעֶ. עֶר פֿיִהרט אָן די אַרמעֶע.

## 4. די פּאַלאַטעֶס.

דעֶר פּאַרלאַמעֶנט בּעֶשטעֶהט פֿון 1) אַ פּאַלאַטעֶ און 2) אַ סעֶנאַט. די פּאַלאַטעֶ בּעֶשטעֶהט פֿון 183 דעֶפּוטאַטעֶן, אויס-גֶעקליִבּעֶנעֶ פֿון דעֶר בּעֶפֿעֶלקעֶרונג. די וועֶהלעֶר זעֶנעֶן איינגֶעטיילט אין 3 קוריִעֶס. אין דעֶר ערשטער געהען אריין די, וואָס האָבּעֶן אין שטאָדט אָדער אין דאָרף אַ נחלה, וועֶלכעֶ בּרענגט איין ניִט וועֶניִגעֶר פֿון 1200 פֿראַנק אַ יאָהר; אין דעֶר צווייטער קוריִעֶ געהען אריין די, וואָס פֿערנעֶהמעֶן אין שטאָדט אַ קוואַרטיִר און צאָה-לעֶן דיִרעֶקטעֶ פּאָדאַטקעֶס ניִט וועֶניִגעֶר פֿון 20 מאַרק אַ יאָהר; אין דעֶר דריטער — אַלעֶ איבּריִגעֶ בּיִרגעֶר, וועֶלכעֶ צאָהלעֶן כאָטש אַ וועֶלכעֶן ניִט איז מלוכה-שטייער. געוועזענע אָפֿיִציִרעֶן (וועֶלכעֶ דיִע-נעֶן שוין ניִט), טשיִנאָווניִקעֶס, וועֶלכעֶ לעֶבּעֶן פֿון פּעֶנסיִעֶ, מענשעֶן מיִט ליִבּעֶראַלעֶ פּראָפֿעֶסיִעֶס (דאָקטוירים, יוריִסטעֶן א. ז. וו.) און אַלעֶ וואָס האָבּעֶן גֶעעֶנדיִגט לכל-הפּחות אַנ׳אָנפֿאַנגס-שול — האָבּעֶן וואַהל-רעֶכט אין דעֶר צווייטער קוריִעֶ, זיי מעֶגעֶן אַפֿילו קיין צענז ניִט האָבּעֶן. די וועֶהלעֶר פֿון דעֶר דריִטעֶר קוריִעֶ, וועֶלכעֶ קענעֶן לעֶזעֶן און שרייבּעֶן, אָדער די, וועֶלכעֶ פֿעֶרדיִענעֶן ניִט וועֶניִגעֶר פֿון 300 פֿראַנק אַ יאָהר — גיִבּעֶן אָב זייערעֶ שטיִמעֶן דירעקט פֿאַר׳ן קאַנ-דיִדאַט. די איבּריִגעֶ וועֶהלעֶר פֿון דעֶר דריִטעֶר קוריִעֶ שטיִמעֶן אונ-דיִרעֶקט — זיי קלייבּעֶן וואַהל-מענער און יעֶנעֶ קלייבּעֶן שוין דעֶ-פּוטאַטעֶן. די ערשטע קוריִעֶ קלייבּט 75 דעֶפּוטאַטעֶן, די צווייטע — 70, די דריטע — 38. פֿאַר אַ דעֶפּוטאַט קעֶן אויס-גֶעקליִבּעֶן וועֶרעֶן יעֶדעֶר רומעֶנעֶר, וועֶלכעֶר ס׳איז ניִט אינגעֶר פֿון 25 יאָהר און האָט ניִט אָנגֶעוואָרעֶן זיינעֶ פּעֶרזעֶנליִכעֶ און בּיִרגעֶר-ליִכעֶ רעֶכטעֶן. די דעֶפּוטאַטעֶן וועֶרעֶן אויסגֶעקליִבּעֶן אויף 4 יאָהר און בּעֶקומעֶן גֶעהאַלט. די בּעֶשלוסעֶן דאַרפֿעֶן אָנגֶענומעֶן וועֶרעֶן מיִט אַנ׳אַבּסאָלוטעֶר מעֶהרהייט פֿון שטיִמעֶן. אָהן דעֶם הסכם פֿון דעֶר

פאַלאַטע טאָר ניט שטעהן קיין מיליטער אויף קוואַרטיר נאָהענט נעבען בנין פֿון דער פאַלאַטע.

דער סענאַט בעשטעהט פֿון 120 מיטגלידער און ווערט אויסגעקליבען אין צוויי קוריעס. אין דער ערשטער געהען אַריין די, וואָס האָבען פֿון זייערע נחלות הכנסה ניט ווייניגער ווי 2000 פֿראַנק אַ יאָהר; אַהער געהען אַריין אויך: געוועזענע העכערע ציווילע און מיליטערישע בעאַמטע, ריכטער פֿון העכערען ראַנג, העכערע אַדמיניסטראַטאָרען, גענעראַלען און פּאָלקאָווניקעס, די מיטגלידער פֿון אַקאַדעמיע און נאָך איינינע; אין דער צווייטער קוריע געהען אַריין 1) די, וואָס האָבען פֿון זייערע נחלות הכנסה ניט ווייניגער ווי 800 פֿראַנק אַ יאָהר, 2) סוחרים און פֿאַבריקאַנטען, וואָס צאָהלען פֿאַר אַ פּאַטענט פֿון ערשטער אָדער צווייטער גילדיע, 3) מענשען מיט אַ העכערען בילדונגס-צענז, לעהרער, מענשען, וואָס האָבען פֿערנומען אָדער פֿערנעהמען אַנ'אַמט אין די געריכט-אַנשטאַלטען א. ז. וו. די ערשטע קוריע קלייבט אויס 60 סענאַטאָרען, די צווייטע — 50. אַחוץ דעם שיקען די אוניווערזיטעטען פֿון בוקאַרעשט און יאַסי צו איין סענאַטאָר; אַלע מיטראָפּאָליטען און בישאָפֿען און דער יורש פֿונ'ם קעניגליכען טראָן זיצען אין סענאַט ניט אַלס אויסגעקליבענע: דאָס רעכט גיט זיי זייער שטעל. דער סענאַט ווערט אויסגעקליבען אויף 8 יאָהר, אַ העלפֿט פֿון איהם בעניט זיך אַלע 4 יאָהר. דער סענאַט קלייבט אַליין אויס זיין פֿאָרזיצענדען.

### 5. די קאָמפּעטענץ פֿון די פּאַלאַטעס.

די פּאַלאַטע האָט געזעצגעבענדע איניציאַטיוו. זי בעשטימט דעם בּיודזשעט. זי האָט דאָס רעכט צו אָנפֿרעגען (אינטערפּעלירען) די מיניסטאָרען וועגען זייערע מעשים. זי קען רופֿען די מיניסטאָרען צו פֿעראַנטוואָרטליכקייט.

דער סענאַט האָט די זעלבע רעכטען, וואָס די פּאַלאַטע, אַחוץ דאָס רעכט צו בעשטימען דעם בּיודזשעט. יעדער געזעץ-פּראָעקט ווערט ערשט דאַן אַ געזעץ, ווען ער ווערט אָנגענומען מיט אַנ'אַבסאָלוטער מעהרהייט פֿון שטימען אין ביידע פּאַלאַטעס און ווערט בעשטעטיגט פֿונ'ם קעניג.

### 6. דער מיניסטאָרען-קאַבינעט.

די מיניסטאָרען בעשטימט דער קעניג. ווער עס געהערט צו דעם קעניג'ס פֿאַמיליע, טאָר ניט זיין קיין מיניסטער. אויף די דע-

באַטען פֿון דער פּאַלאַטע מוז שטענדיג זיין ווער ניט איז פֿון די מיניסטאָרען. די פֿעראָרדנונגען פֿונ'ם קעניג מוז אונטערשרייבען כאָטש איין מיניסטער, וועלכער ווערט אויף אַזאַ אופֿן פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר דעם דאָזיגען אַקט. דער קעניג און יעדע פֿון די פּאַלאַטעס האָט דאָס רעכט צו רופֿען די מיניסטאָרען צום משפּט. די פּאַלאַטעס קענען אָנקלאָגען די מיניסטאָרען נאָר דאַן, ווען עס זאָגען זיך פֿאַר דעם אַרויס $^2/_3$ פֿון זייערע מיטגליעדער. בעגנאַדיגען אַ פֿער'משפּט'ן מיניסטער טאָר דער קעניג ניט.

## 7. פֿינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי און זאָ ווייטער.

די דעפּוטאַטען-פּאַלאַטע בעשטימט דעם ביודזשעט אויף אַ יאָהר. אויב די פּאַלאַטע בעשטימט איהם ניט צו דער צייט, קען די רעגירונג זיך האַלטען אינ'ם נייעם יאָהר פֿאַר דעם פֿאַר-אַ-יאָהריגען ביודזשעט. עס מוז אָבגעגעבען ווערען דער פּאַלאַטע אַ חשבון וועגען די פֿינאַנסען ניט שפּעטער פֿון 2 יאָהר נאָך'ן שליסען דעם ביודזשעט.

עס עקזיסטירט אין רומעניען אַלגעמיינע מיליטער-פּפֿליכט. די צאָהל רעקרוטען, וואָס מען דאַרף נעהמען, ווערט בעשטימט אַלע מאָל נאָר אויף אַ יאָהר. פֿרעמדע מיליטער קען ניט ווערען געדונגען צו דינען אין רומעניען. פֿרעמדע מיליטער טאָר מען ניט דורכלאָזען דורך די גרעניצען פֿון רומעניען.

קרימינעלע און פּאָליטישע פֿערברעכען, ווי אויך פֿערברעכען געגען די געזעצען וועגען פּרעסע, ווערען גע'משפּט אין אַ געריכט פֿון געשוואָרענע. פּאָליטישע פֿערברעכער פֿין אַנדערע מלוכות טאָרען ניט אַרויסגעגעבען ווערען זייערע רעגירונגען. מען טאָר ניט פֿער'משפּט'ן צו טויט-שטראָף, מען טאָר ניט קאָנפֿיסקירען דעם פֿערמעגען פֿון אַ פֿערברעכער. די הערשענדע קירכע איז די גריכיש-קאַטוילישע. איידער מ'איז מסדר קידושין לויט די תקנות פֿון דער רעליגיאָן, דאַרפֿען דאָס פּאָר-פֿאָלק שליסען אַ קאָנטראַקט ביים נאָטאַריוס. די אָנפֿאַנגס-בילדונג איז אַ מוז-זאַך פֿאַר יעדען און קאָסט קיין געלד ניט.

# גריכענלאנד.

## א קאנסטיטוציאנעלע מאנארכיע.

די קאנסטיטוציאנע ארויסגעגעבען אין 1864 יאהר.

### 1. וועגען איבערקוקען די קאנסטיטוציע.

אין איהרע הויפט-פונקטען קען די קאנסטיטוציע גאר ניט אומ-געביטען ווערען. ס'זענען פאראן פונדעסטוועגען איינינע טיילען, וועל-כע קענען יע אומגעביטען ווערען. דערצו איז נויטיג, אז צוויי פאר-לאמענטען נאכאנאנד (פריהער איינער, נאכדעם, ווען דער ווערט פאנאנדערגעלאזען, דער אנדערער — דער ניי-אויסגעקליבענער) זא-לען זיך ארויסזאגען מיט א מעהרהייט פון ¾ שטימען פאר דער אומענדערונג. די אומענדערונג ווערט ענדליך בעשטעטינט דורך א דריטע פאלאטע, וועלכע בעשטעהט פון 2 מאל אזוי פיעל מיטגליעדער, ווי געוועהנליך, און ווערט ספעציעל צוזאמענגערופען צוליעב דעם.

### 2. די רעכטען פון די בירגער.

די בירגער האבען דאס רעכט פון פעטיציעס, דאס רעכט פון פערזאמלונגען (פערזאמלונגען אונטער'ן פרייען הימעל פעראיינען און קענען ווערען פערבאטען פון דער פאליציי). עס עקזיסטירט פרעס-פרייהייט: מען טאר ניט קאנפיסקירען קיין שום אויסגאבען, אחוץ די, וואו עס ווערט בעליידיגט דעם קעניג'ס פערזאן. מען טאר קיינעם ניט ארעסטירען אהן א בעפעהל פונ'ם געריכט. מען טאר ניט האנד-לען מיט שקלאפען*): א שקלאף, אז ער טרעט ארויף אויף דער טעריטאריע פון גריכענלאנד, ווערט ער פריי. די הערשענדע רעליגיאן איז די גריכיש-קאטוילישע, די איבריגע רעליגיאנען ווערען געדולדעט. עס עקזיסטירט אונבעגרענצטע פרייהייט פון קארעספאנדענץ.

### 3. דער ראש פון דער מלוכה.

דער ראש איז דער גריכישער קעניג. ער האט געזעצגעבענדע איניציאטיווע. ער בעשטעטיגט (סאנקציאנירט) און פובליקירט די גע-

*) א מאל איז גריכענלאנד געוועזען א וויכטיגער מארק פאר שקלאפען-האנדעל.

זעצען. ער שטעהט בראש פֿון דער אַרמעע און דעם פֿלאָט. ער ערקלערט מלחמה און שליסט טראַקטאַטען, וועגען וועלכע ער איז מחויב צו מודיע זיין דער פּאַלאַטע, אויב ס'קען נאָר ניט אַרויס־קומען דערפֿון אַ סכנה דער מלוכה. פֿונדעסטוועגען טאָר ער אָהן דעם הסכם פֿון די פּאַלאַטעס ניט שליסען אַזאַ אָבמאַך, וועל־כער בעגרענצט די אינדיווידועלע רעכטען פֿון די בירגער, אָדער וועל־כער בעריהרט די פינאַנסען, אָדער די גרענצען פֿון דער מלוכה. דער קעניג רופֿט צוזאַמען און לאָזט פֿאַנאַנדער די פּאַלאַטע. פֿאַנאַנדער־לאָזען די פּאַלאַטע פֿאַר דער צייט קען ער נאָר מיט'ן הסכם פֿון אַלע מיניסטאָרען, און ער מוז צוזאַמענרופֿען אַ נייע ניט שפּעטער פֿון 3 חדשים. ער האָט דאָס רעכט צו בענגנאַדיגען און צו אַמני־סטירען. ער בעשטימט די בעאַמטע און שטעהט בראש פֿון דער אַדמיניסטראַציע.

## 4. די פּאַלאַטע.

דער פּאַרלאַמענט בעשטעהט פֿון איין פּאַלאַטע (בולע). אין איהר איז פֿאַראַן ניט וועניגער ווי 150 דעפּוטאַטען; אין די וואַהלען נעהמען אַנ'אַנטייל אַלע דערוואַקסענע בירגער אויפ'ן גרונד פֿון אַל־געמיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואַהל־רעכט. די שטימען ביי די וואַהלען ווערען אָבגעגעבען דורך גאַלקעס: אַזוי איז אויסגעטייטשט אין דער קאָנסטיטוציע, און אומבייטען טאָר מען דאָס ניט. די וואַהלען קומען פֿאָר אין איין טאָג איבער דער גאַנצער מלוכה. אויסגעקליבען קען ווערען נאָר אַזוינער, וועלכער איז ניט אינגער פֿון 30 יאָהר און איז געבאָרען געוואָרען אין דעם זעלבען וואַהל־בעציִרק, וואו ער ווערט געקליבען, אָדער, לכל־הפחות, געוואָהנט דאָרט 2 יאָהר נאָכאַנאַנד. אַ בעאַמטער, וואָס נעהמט געצאָהלט (אַחוץ אָפֿיציערען) טאָר ניט זיין קיין דע־פּוטאַט. די דעפּוטאַטען ווערען אויסגעקליבען אויף 4 יאָהר, זיי בעקומען 2000 דראַכמעס אַ יאָהר געהאַלט און געצאָהלט פֿאַר דער נסיעה פֿון דער היים אין קרוין־שטאָדט. די זיצונגען קומען פֿאָר פֿון 3 ביז 6 חדשים אַ יאָהר. די פּאַלאַטע קלייבט אַליין איהר פֿאָר־זיצענדען. אויף די זיצונגען מוז זיין העכער אַ העלפֿט דעפּוטאַטען. די בעשלוסען ווערען אָנגענומען מיט אַנ'אַבסאָלוטער מעהרהייט פֿון שטימען.

## 5. דִי קאָמפּעֶטעֶנץ פֿוּן דעֶר פּאַלאַטעֶ.

דִי פּאַלאַטעֶ האָט געֶזעֶצגעֶבּעֶנדעֶ אִינִיצִיאַטִיוו. זִי בּעֶשׁטִימט דעֶם בּיוּדזשׁעֶט, זִי לעֶגט אַרוֹיף פּאָדאַטקעֶס, זִי בּעֶשׁטִימט דִי צאָהל רעֶקרוּטעֶן פֿאַר דעֶר אַרמעֶע און דעֶם פֿלאָט. זִי קעֶן רוּפֿעֶן דִי מִינִיסטאָרעֶן צוּם געֶרִיכֿט. יעֶדעֶר געֶזעֶץ-פּראָעֶקט ווערט אַ געֶזעֶץ נאָר דאַן, ווען עֶר ווערט אָנגעֶנוּמעֶן אִין דעֶר פּאַלאַטעֶ בּיַי דעֶר דרִיטעֶר לעֶזוּנג און דעֶר קעֶנִיג בּעֶשׁטעֶטִיגט אִיהם.

## 6. דעֶר מִינִיסטאָרעֶן-קאַבִּינעֶט.

דִי מִינִיסטאָרעֶן זעֶנעֶן פֿעֶראַנטוואָרטלִיך אִי פּאָלִיטִישׁ, אִי זיִי קעֶנעֶן אִיבּעֶרגעֶגעֶבּעֶן ווערעֶן צוּם געֶרִיכֿט. אַ פֿעֶר׳משׁפּט׳ן מִינִיסטעֶר קעֶן דעֶר קעֶנִיג בּעֶגנאַדִיגעֶן נאָר מִיט׳ן הסכּם פֿוּן דעֶר פּאַלאַטעֶ. דִי מִיטגלִידעֶר פֿוּנ׳ם קעֶנִיג׳ס פֿאַמִילִיעֶ טאָרעֶן קיַין מִינִיסטאָרעֶן נִיט זיַין.

## 7. פֿינאַנסעֶן, אַרמעֶע, פּאָלִיציִי און זאָ וויַיטעֶר.

מעֶן טאָר נִיט דִינגעֶן קיַין פֿרעֶמדעֶ מִילִיטעֶר צוּ דִיענעֶן אִין גרִיכֿעֶנלאַנד; מעֶן טאָר נִיט דוּרכֿלאָזעֶן קיַין פֿרעֶמדעֶ מִילִיטעֶר דוּרך׳ן לאַנד אָהן דעֶם הסכּם פֿוּן דעֶם קעֶנִיג און דעֶר פּאַלאַטעֶ. עֶס עֶקזִיסטִירט אִין גרִיכֿעֶנלאַנד אִי אַ פֿאָלקס-מִילִיץ, אִי אַ שׁטעֶנדִיגעֶ אַרמעֶע.

דִי רִיכֿטעֶר בּעֶשׁטִימט דעֶר קעֶנִיג ווערלִיג געֶזעֶץ. דִי מִיטגלִידעֶר פֿוּן דעֶם קאַסאַצִיאָנס-געֶרִיכֿט (אַרעֶאָפּאַג) און פֿוּן דִי אַפּעֶלאַצִיאָנס-געֶרִיכֿטעֶן ווערעֶן בּעֶשׁטִימט אוֹיף אַלעֶ יאָהרעֶן, ווִי לאַנג זיִי ווִעלעֶן לעֶבּעֶן, און אָבּגעֶזאָגט ווערעֶן פֿוּן דעֶר שׁטעֶל קעֶנעֶן זיִי נאָר דוּרך דעֶם אוּרטהיַיל פֿוּן געֶרִיכֿט. פּאָלִיטִישׁעֶ און קרִימִינעֶלעֶ פֿעֶרבּרעֶכֿעֶן, ווִי אוֹיך פֿעֶרבּרעֶכֿעֶן געֶגעֶן דִי פּרעֶס-געֶזעֶצעֶן, ווערעֶן געֶמשׁפּט אִין אַ געֶרִיכֿט פֿוּן געֶשׁוואָרעֶנעֶ. אַ רִיכֿטעֶר טאָר נִיט פֿעֶרנעֶהמעֶן קיַין אַנדעֶר שׁטעֶל פֿאַר געֶלד, אַחוּץ דִי שׁטעֶל פֿוּן אַ פּראָפֿעֶסאָר אִין אוּנִיווערזִיטעֶט. טוֹיט-שׁטראָף אִיז אָבּגעֶשׁאַפֿט. דִי הערשׁעֶנדעֶ קִירכֿעֶ אִיז אוֹיטאָנאָם; בּראשׁ פֿוּן אִיהר שׁטעֶהט אַ סִינאָד פֿוּן בִּישׁאָפֿעֶן. העֶכֿערעֶ בִּילדוּנג ווערט געֶגעֶבּעֶן אוֹיפֿ׳ן חשבּון פֿוּן דעֶר מלוּכֿה. דִי מלוּכֿה העֶלפֿט אוֹיך אוֹיסהאַלטעֶן דִי געֶמיַינדעֶ-שׁוּלעֶן. עֶפֿעֶנעֶן שׁוּלעֶן מעֶג יעֶדעֶרעֶר.

# פֶּערְאֵיינִיגְטֶע שְׁטַאטֶען פוּן צָפוֹן־אַמֶערִיקֶע.

## אַ רֶעפּוּבְּלִיק.

בּעֶשׁטעהט פֿוּן 45 בּעֶזוּנדעֶרעֶ מלוּכוֹת (שׁטאַטעֶן), וועֶלכֿעֶ בּילדעֶן צוּזאַמעֶן די פֿעֶראֵיינִיגטעֶ שׁטאַטעֶן. די אֵיינצעֶלנעֶ שׁטאַטעֶן זעֶנעֶן רעֶפּוּבּליקעֶן און האָבּעֶן זייעֶרעֶ אֵייגעֶנעֶ געֶזעֶצגעֶבּעֶנדעֶ אַיינריכֿטוּנגעֶן. די קאָנסטיטוּציעֶ איז אַרוֹיסגעֶגעֶבּעֶן אין 1787 און אוֹיסגעֶבּעֶסעֶרט אין 1791 יאָהר.

---

### 1. וועֶגעֶן איבּעֶרקוּקעֶן די קאָנסטיטוּציעֶ.

אַ פֿאָרלאַגעֶ וועֶגעֶן איבּעֶרקוּקעֶן די קאָנסטיטוּציעֶ קעֶן שׁטאַמעֶן אָדעֶר פֿוּן דעֶם פּאַרלאַמעֶנט פֿוּן די פֿעֶראֵיינִיגטעֶ שׁטאַטעֶן (עֶר הייסט קאָנגרעֶס), אָדעֶר פֿוּן די געֶזעֶצגעֶבּעֶנדעֶ אַיינריכֿטוּנגעֶן פֿוּן די אֵיינצעֶלנעֶ שׁטאַטעֶן. דעֶר אוֹפֿן, ווי עֶס וועֶרט איבּעֶרגעֶקוּקט די קאָנסטיטוּציעֶ, איז אין בּיידעֶ פֿאַלעֶן ניט גלייך.

1. אוֹיבּ עֶס פֿאָדעֶרט צוּ איבּעֶרקוּקעֶן די קאָנסטיטוּציעֶ דעֶר קאָנגרעֶס, איז נוֹיטיג, אַז דעֶר פּראָעֶקט וועֶגעֶן אוּמעֶנדעֶרוּנג זאָל אָנגעֶנוּמעֶן וועֶרעֶן אין בּיידעֶ פּאַלאַטעֶס מיט אַ מעֶהרהייט פֿוּן $^2/_3$ שׁטימעֶן. נאָכֿדעֶם וועֶרט עֶר איבּעֶרגעֶגעֶבּעֶן אוֹיף צוּ בּעֶשׁטעֶטיגעֶן איהם אין די אֵיינצעֶלנעֶ שׁטאַטעֶן. דאָרט וועֶרט עֶר אַרוּמגעֶקלעֶרט אָדעֶר אין די געֶוועֶהנליכֿעֶ געֶזעֶצגעֶבּעֶנדעֶ אַיינריכֿטוּנגעֶן, אָדעֶר אין בּעֶזוּנדעֶרעֶ גרינדוּנגס־פֿעֶרזאַמלוּנגעֶן (קאָנוועֶנטעֶן), וועֶלכֿעֶ וועֶרעֶן צוּנוֹיפֿגעֶרוּפֿעֶן אין יעֶדעֶן שׁטאַט. (ס'וועֶנדט זיך אָן דעֶם, ווי עֶס געֶפֿינט פֿאַר נוֹיטיג דעֶר קאָנגרעֶס). אוֹיבּ פֿאַר דעֶם פּראָעֶקט זאָגט זיך אַרוֹיס $^3/_4$ שׁטאַטעֶן, וועֶרט עֶר עֶרשׁט דאַמאָלסט אַ טייל פֿוּן דעֶר קאָנסטיטוּציעֶ.

2. אוֹיבּ דעֶר פּראָעֶקט שׁטאַמט פֿוּן די געֶזעֶצגעֶבּעֶנדעֶ אַיינריכֿטוּנגעֶן פֿוּן די אֵיינצעֶלנעֶ שׁטאַטעֶן, איז נוֹיטיג, אַז פֿאַר איהם זאָל זיך אַרוֹיסזאָגעֶן לכל־הפּחוֹת $^2/_3$ פֿוּן די שׁטאַטעֶן. דאַמאָלסט רוּפֿט דעֶר קאָנגרעֶס צוּנוֹיף אַנ'אַלגעֶמיינעֶ גרינדוּנגס־פֿעֶרזאַמלוּנג, וועֶלכֿעֶ קלעֶרט אַרוּם דעֶם פֿאָרגעֶלעֶגטעֶן פּראָעֶקט. נאָכֿדעֶם, ווען דעֶר פּראָעֶקט איז אָנגעֶנוּמעֶן אין דעֶר דאָזיגעֶר גרינדוּנגס־פֿעֶרזאַמלוּנג, וועֶרט עֶר איבּעֶרגעֶגעֶבּעֶן אוֹיף צוּ בּעֶשׁטעֶטיגעֶן

אִיהם אִין דִי אֵיינצֶעלנֶע שטַאטֶען, וואו ס'אִיז נויטִיג, אַז עֶס זָאלֶען זִיךְ פַאר אִיהם אַרויסזָאגֶען 3/4 פוּן דִי גֶעזֶעצגֶעבֶּענדֶע אַיינרִיכטוּנגֶען, אָדֶער גרִינדוּנגס־פֶערזַאמלוּנגֶען (ווִי אִין עֶרשטֶען פַאל).

## 2. דִי רֶעכטֶען פוּן דִי בִּירגֶער.

עֶס טאָר נִיט זַיין קֵיין מלוּכה־רֶעלִיגִיאָן. אַלֶע רֶעלִיגִיאָנֶען זֶענֶען פרַיי. עֶס עֶקזִיסטִירט פרֶעס־ וואָרט־ און־ פֶערזַאמלוּנגס־פרַייהַייט. דִי בִּירגֶער מֶעגֶען דֶערלַאנגֶען פֶּעטִיצִיֶעס. אִין דֶער צַייט פוּן שלום טאָר מֶען נִיט אַרַיינשטֶעלֶען סאָלדַאטֶען צוּ יֶענֶעם אויף קוואַרטִיר אָהן זַיין הסכּם; אִין דֶער צַייט פוּן מלחמה מֶעג מֶען דאָס — נאָר אויפ'ן גרוּנד פוּן בֶּעשטִימטֶע תּקנוֹת. דִי פֶּערזאָן, דִי וואָהנוּנג, דִי פַּאפִּירֶען און דאָס פֶערמֶעגֶען פוּן דִי בִּירגֶער דַארף בּלַייבֶּען אוּנבֶּערִיהרט. דִי אוּנבֶּערִיהרלִיכקַייט פוּן פֶּערזאָן און וואָהנוּנג קֶען ווֶערֶען אָבּגֶעשַאפט, ווֶען דאָס אִיז נויטִיג פַאר דִי גֶעזֶעלשַאפטלִיכֶע זִיכֶערהַייט, ווֶען עֶס קוּמט פאָר אִין לַאנד אַנ'אויפשטַאנד אָדֶער עֶס פַאלט אָן אַנ'אויסווֶענִיגסטֶער שוֹנא.

דִי בֶּעאַמטֶע פוּן דֶער מלוּכה טאָרֶען נִיט נֶעהמֶען קֵיינֶע מתּנוֹת אָדֶער סמנִים פוּן אויסצֵייכנוּנג בַּיי דִי מאָנאַרכֶען פוּן אַנדֶערֶע מלוּכוֹת אָהן דֶעם הסכּם פוּן דֶעם פַּארלַאמֶענט.

## 3. דֶער ראש פוּן דֶער מלוּכה.

דֶער ראש פוּן דֶער מלוּכה אִיז דֶער פּרֶעזִידֶענט. עֶס אִיז פַאראַן אויךְ אַ ווִיצֶע־פּרֶעזִידֶענט, ווֶעלכֶער פֶערנֶעהמט דִי שטֶעל פוּנ'ם פּרֶעזִידֶענט, ווֶען מֶען זאָגט יֶענֶעם אָבּ, אָדֶער עֶר שטאַרבּט, אָדֶער עֶר זאָגט זִיךְ אַלֵיין אָבּ, אָדֶער עֶר אִיז נִיט פֶעהִיג צוּ עֶרפִילֶען זַיינֶע פְּפלִיכטֶען. אִי דֶער פּרֶעזִידֶענט, אִי דֶער ווִיצֶע־פּרֶעזִידֶענט ווֶערֶען אויסגֶעקלִיבֶּען אויף 4 יאָהר. דִי ווַאהלֶען קוּמֶען פאָר אַזוֹי: דִי גֶעזֶעצגֶעבֶּענדֶע אַיינרִיכטוּנגֶען פוּן יֶעדֶען שטַאט בֶּעשטִימֶען אַ גֶעווִיסֶע צאָהל ווֶעהלֶער (פּוּנקט אַזוֹי פִיעל, וויפִיעל דֶער בֶּעטרֶעפֶענדֶער שטַאט האָט פאָרשטֶעהֶער אִינ'ם קאָנגרֶעס, אִין בֵּיידֶע פַּאלַאטֶעס), און דִי דאָזִיגֶע ווֶעהלֶער קלַייבֶּען אויס דֶעם פּרֶעזִידֶענט און דֶעם ווִיצֶע־פּרֶעזִידֶענט. בֶּעאַמטֶע און מִיטגלִידֶער פוּנ'ם קאָנגרֶעס טאָרֶען קֵיין ווֶעהלֶער נִיט זַיין. דִי ווֶעהלֶער גִיבֶּען אָבּ זֵייעֶרֶע שטִימֶען אִין אַלֶע שטַאטֶען אִין אֵיין טאָג, ווֶעלכֶען דֶער קאָנגרֶעס בֶּעשטִימט. פַאר אַ פּרֶעזִידֶענט קֶען אויסגֶעקלִיבֶּען ווֶערֶען נאָר אַזאַ בִּירגֶער, ווֶעל־

בֿער איז ניט אינגער פֿון 35 יאָהר און האָט די לעצטע 14 יאָהר געוואָהנט אין די פֿעראייניגטע שטאַטען. דער פּרעזידענט און דער וויצע־פּרעזידענט בעקומען געהאַלט.

דער פּרעזידענט רופֿט צוזאַמען די פּאַלאַטעס און קען אָב־לעגען זייערע זיצונגען. ער האָט דאָס רעכֿט פֿון געזעצגעבענדער איניציאַטיווע. ער האָט דאָס רעכֿט ניט צו בעשטעטיגען די געזעצען, וואָס דער קאָנגרעס אַרבייט אויס (דאָס וועטאָ־רעכֿט). אויב דער פּרעזידענט זאָגט זיך אָב צו בעשטעטיגען אַ וועלכען ניט איז געזעץ, קענען ביידע פּאַלאַטעס אָננעהמען נאָך אַ מאָל דעם זעלבען געזעץ מיט אַ מעהרהייט פֿון $^{2}/_{3}$ שטימען אין יעדער פּאַלאַטע — דאַן בעקומט ער אַ כּח שוין אָהן דעם פּרעזידענט'ס בעשטעטיגונג.

דער פּרעזידענט איז דער הויפּט־אָנפֿיהרער פֿון דער אַרמעע און דעם פֿלאָט. ער האָט דאָס רעכֿט צו בעגנאַדיגען, אַחוץ אַזוינע פֿערברעכער, וואָס זענען בעגאַנגען אַ פֿערראַט געגען דער מלוכה. ער שליסט אָבמאַכֿונגען מיט די איבריגע מלוכות (דערצו דאַרף ער האָבען דעם הסכם פֿון $^{2}/_{3}$ שטימען פֿונ'ם סענאַט). ער פֿיהרט די דיפּלאָמאַטישע פֿערהאַנדלונגען. ער בעשטימט די בעאַמטע פֿון דער מלוכה, אויף וויפֿיעל זיי זענען ניט בעשטימט דורך'ן קאָנגרעס.

## 4. די פּאַלאַטעס.

דער פּאַרלאַמענט (קאָנגרעס) בעשטעהט פֿון 2 פּאַלאַטעס: 1) די פֿאָרשטעהער־פּאַלאַטע און 2) דער סענאַט. די דעפּוטאַטען פֿון דער פֿאָרשטעהער־פּאַלאַטע ווערען אויסגעקליבען פֿון דער בעפֿעלקערונג אויף 2 יאָהר. יעדער שטאַט רעכֿענט זיך פֿאַר אַ בעזונדער וואַהל־בעציִרק. אין יעדען שטאַט ווערט אויסגעקליבען אַזוי פֿיעל דעפּוטאַטען, אַז ס'זאָל אויסקומען איין דעפּוטאַט אויף 30 טויזענד איינוואָהנער (אָבער יעדער שטאַט מוז אַלענפֿאַלס שיקען לכל־הפּחות איין דעפּוטאַט). וויפֿיעל דעפּוטאַטען עס דאַרף קלייבען יעדער שטאַט, בעשטימט דער קאָנגרעס אַלע 10 יאָהר. דאָס וואַהל־רעכֿט איז ניט אין אַלע פּרטים גלייך אין פֿערשידענע שטאַטען: איבערהויפּט עקזיסטירט אַלגעמיינע וואַהל־רעכֿט פֿאַר אַלע מאַנספּערזאָנען, וועלכע זענען ניט אינגער פֿון 21 יאָהר. אין איינינע שטאַטען איז דאָ אַ בעגרענצונג, אַז ס'דאַרפֿען קלייבען נאָר די, וואָס קענען לעזען און שרייבען, אין איינינע — נאָר די, וואָס צאָהלען פּאָדאַטקעס. די דאָזיגע בעגרענצונגען זענען אָבער ניט בעדייטענד. בנוגע צום

וואהל־רעכט טאר מען ניט מאכען קיין אונטערשיעד צווישען פער־שידענע ראסען. פאר א דעפוטאט קען אויסגעקליבען ווערען נאר אזא מאנספערזאן, ניט אינגער פון 25 יאהר, וועלכער איז שוין א משך פון 7 יאהר א בירגער פון די פעראייניגטע שטאטען און וואהנט אין דער צייט פון די וואהלען אין דעם שטאט, וואו ער ווערט גע־וועהלט. די פארשטעהער־פאלאטע קלייבט אליין אויס איהר פאר־זיצענדען.

די מיטגליעדער פונ'ם סענאט ווערען בעשטימט דורך די גע־זעצגעבענדע איינריכטונגען פון די איינצעלנע שטאטען, צו צוויי אויף יעדען שטאט. זיי ווערען בעשטימט אויף 6 יאהר; אלע 2 יאהר בע־נייט זיך א דריטעל מיטגליעדער. א סענאטאר מוז זיין ניט אינגער פון 30 יאהר, ער מוז זיין א בירגער פון די פעראייניגטע שטאטען ניט וועניגער פון 9 יאהר און אין דער צייט פון די וואהלען וואהנען אין דעם שטאט, וואו ער ווערט בעשטימט. פארזיצענדער אין סענאט איז דער וויצע־פרעזידענט פון די פעראייניגטע שטאטען.

דער קאנגרעס מוז זיך פערזאמלען אלע יאהר. די מיטגליע־דער פון ביידע פאלאטעס בעקומען געהאלט 5000 דאלאר א יאהר. א מיטגליעד פונ'ם קאנגרעס טאר ניט פערנעהמען קיין אנדער שטעל אין דער מלוכה.

### 5. די קאמפעטענץ פון די פאלאטעס.

דער קאנגרעס (ביידע פאלאטעס גלייך) גיט ארויס געזעצען, ער בעשטימט דעם בודזשעט, ער האט צו שאפען איבער די פינאנ־סען פון דער מלוכה. ער מאכט הלואות, דעקט די אלטע הלואות, רעגולירט דעם האנדעל מיט די איבריגע מלוכות. ער גיט ארויס גע־זעצען וועגען דער ארמעע און דעם פלאט. ער גיט ארויס אדמיני־סטראטיווע בעפעהלען. ער ערקלערט מלחמה. דער קאנגרעס קען רופען צום משפט דעם פרעזידענט און אנדערע בעאמטע: דערביי איז דער סדר אזוי, אז עס קלאגט זיי אן די פארשטעהער־פאלאטע און עס משפט זיי דער סענאט, וועלכער נעהמט אן דעם פסק־דין מיט א מעהרהייט פון $2/3$ שטימען. יעדע פאלאטע קען אויסשליסען פון זיך איהרען א מיטגליעד, וועלכער פיהרט זיך ניט גוט אויף (דער בעשלוס וועגען דעם דארף אנגענו־מען ווערען מיט א מעהרהייט פון $2/3$ שטימען).

ביי די פרעזידענט־וואהלען, אויב די שטימען פון די וועהלער ווערען פאנאנדערגעטיילט צווישען עטליכע קאנדידאטען, אזוי, אז

קײנער פֿון זײ בעקומט ניט קײן אַבסאָלוטע מעהרהײט פֿון שטימען, בעשטימט די פֿאָרשטעהער־פּאַלאַטע פֿאַר אַ פּרעזידענט אײנעם פֿון די 3 קאַנדידאַטען, װאָס האָבען בעקומען די גרעסטע צאָהל שטימען.

## 6. דער מיניסטאָרען־קאַבינעט.

די מיניסטאָרען בעשטימט דער פּרעזידענט. זײ שפּיעלען מעהר ניט װי אַ ראָלע פֿון סעקרעטאַרען בײם פּרעזידענט, װעלכע זענען ממונה איבער פֿערשידענע צװײַגען פֿון דער פֿערװאַלטונג. זײ טראָגען אַפֿילו דעם נאָמען סעקרעטאַרען.

## 7. פֿינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי און זאָ װײַטער.

בראש פֿון אַלע געריכטען שטעהט דער העכסטער גע־ריכט. זײַנע מיטגלידער װערען בעשטימט פֿונ׳ם פּרעזידענט אויף אַלע יאָהרען, װי לאַנג זײ װעלען לעבען. ער משפּט דאָרט, װאו אײנער פֿון די צדדים איז אַ שטאַט פֿון די פֿעראײניגטע שטאַטען. צו איהם אַפּעלירט מען אויך אויף דעם פּסק־דין פֿון די ניעדריגערע געריכטען. אַלע ריכטער, אי פֿונ׳ם העכסטען, אי פֿון די ניעדריגערע געריכטען, בלײַבען אויף זײער שטעל כל־זמן זײ פֿיהרען זיך גע־זעצליך. אַלע פֿערברעכען, אַחוץ פֿערראַט געגען דער מלוכה (װאו עס משפּט דער סענאַט), װערען גע׳משפּט אין אַ געריכט פֿון גע־שװאָרענע.

אַלע שטאַטען דאַרפֿען זײן גלײַך אין די פֿינאַנציעלע און האַנ־דעלס־ענינים: אײן שטאַט טאָר ניט האָבען קײן פּריװילעגיעס געגען צװײטען. די אײנצעלנע שטאַטען טאָרען ניט אַרויפֿלעגען, אָהן דעם הסכם פֿון דעם קאָנגרעס, קײן גרעניץ־אָבצאָהלונגען אויף די סחורות, װאָס מען פֿיהרט אין זײ אַרײַן, אָדער װאָס מען פֿיהרט פֿון זײ אַרויס. די אײנצעלנע שטאַטען טאָרען ניט, אָהן דעם הסכם פֿונ׳ם קאָנגרעס, שליסען קײן אָבמאַכונגען מיט אַנדערע מלוכות, זײ טאָרען ניט גיסען קײן מטבעות, אַרויסגעבען פּאַפּיער־געלד, האַלטען אַנ׳אַרמעע (אַחוץ מיליציע) אָדער אַ פֿלאָט אין אַ צײַט פֿון שלום, שליסען אַנ׳אָבמאַך מיט אַנ׳אַנדער שטאַט פֿון די פֿעראײניגטע שטאַטען; זײ טאָרען ניט אָנהויבען אַ מלחמה, סײַדען ס׳איז אויף זײ אָנגעפֿאַלען פּלוצלונג אַ פֿײַנד און ס׳איז ניטאָ קײן צײַט צו װאַרטען אויף דער פֿעראָרדנונג פֿונ׳ם קאָנגרעס.

די רעגירונג פֿון די פֿעראייניגטע שטאַטען שיצט די איינצעלנע שטאַטען פֿאַר אַנאַרכיע. זי היט זיי אויך פֿאַר אינוועניגסטע גוואַלד־מעשׂים. אומענדערן די גרעניצען פֿון אַ שטאַט טאָר ניט דער קאָנגרעס אָהן דעם הסכּם פֿון דער געזעצגעבענדער איינריכטונג פֿון דעם דאָזיגען שטאַט. די שטאַטען מוזען אַלע האָבען אַ רעפּובליקאַנישע מלוכה־אָרדנונג. די שטאַטען פֿערוואַלטען איבער זייערע ענינים זעלבסטשטענדיג דורך אויסגעקליבענע געזעצגעבענדע איינריכטונגען. אין איניגע שטאַטען האָבען די פֿרויען אויך בעקומען וואַהל־רעכט.



# יַאפַּאן (יאפּאַניע).

## אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע.

די קאָנסטיטוציע אַרויסגעגעבען אין 1880 יאָהר.

### 1. וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע.

אַ פּראָעקט וועגען איבערקוקען די קאָנסטיטוציע קען פאָרלע־גען נאָר דער מיקאַדאָ (דער יאַפּאַנישער קייזער). דער פּראָעקט ווערט אַ געזעץ נאָר דאַן, ווען ער ווערט אָנגענומען מיט אַ מעהרהייט פון $^2/_3$ שטימען אין ביידע פּאַלאַטעס. אין דער צייט ווען אין לאַנד קיניגט אַ דערוויילינגער קייזער (רעגענט) ביז דער יורש פונ׳ם טראָן וועט אויסוואַקסען, טאָר מען אין דער קאָנסטיטוציע קיין שום אומענדערונגען ניט מאַכען.

### 2. די רעכטען פון די בירגער.

וואָרט־פרייהייט. פרייהייט פון פערזאַמלונגען און פעראיינען. פרייהייט צו וואָהנען וואו איינער וויל. דאָס רעכט פון פּעטיציעס. אונ־בערירליכקייט פון פּריוואַט־קאָרעספּאָנדענץ. אין דער צייט פון אַ מלחמה אָדער פון אַנ׳אויפשטאַנד אין לאַנד גופא, קענען די אַלע רעכטען אָבגעשאַפט ווערען. די סאָלדאַטען און אָפיציערען זענען בעגרענצט אין זייערע בירגערליכע רעכטען.

### 3. דער ראש פון דער מלוכה.

דער ראש פון דער מלוכה איז דער מיקאַדאָ. ער בעשטעטיגט (סאַנקציאָנירט) און פּובליקירט די געזעצען. ער גיט אַכטונג, אַז די געזעצען זאָלען ווערען ערפילט. ער רופט צוזאַמען די פּאַלאַטעס, עפענט און שליסט זייערע זיצונגען, ער האָט דאָס רעכט צו אָב־לעגען די זיצונגען, ווי אויך צו פאַנאַנדערלאָזען די פּאַלאַטעס: די נייע פּאַלאַטעס מוזען צוזאַמענגערופען ווערען ניט שפּעטער פון 5 חדשים נאָך דעם פאַנאַנדערלאָזען. צווישען איין סעסיע און דער צווייטער קען דער מיקאַדאָ, אין אַ דרינגענדען פאַל, אויב מען קען ניט וואַרטען, אַרויסגעבען פעראָרדנונגען, וואָס האָבען די קראַפט פון געזעצען. די נאָהענטסטע סעסיע פונ׳ם פּאַרלאַמענט קען אָדער בע־

שטעטיגען די דאָזיגע פּעראָרדנונגען, אָדער זיי דורכוואַרפען — דאַ־
מאָלסט פערלירען זיי זייער כח. דער מיקאַדאָ קען אַרויסגעבען פער־
אָרדנונגען דער אַדמיניסטראַציע. ער איז דער ראש פון דער אַרמעע
און דעם פלאָט, ער אָרגאַניזירט די אַרמעע, ער ערקלערט מלחמה,
שליסט שלום און אָבמאַכונגען, ער ערקלערט אין לאַנד בעלאַגערונגס־
צושטאַנד אין אַזוינע פאַלען, וועלכע זענען אויסגעטייטשט אינ׳ס געַ־
זעץ. ער מאַכט בירגער פאַר אַדעליגע, שענקט טיטולען, אָרדענס און
אַנדערע סמנים פון אויסצייכנונג. ער האָט דאָס רעכט צו בעגנאַדיגען
און צו אַרויסגעבען אַמניסטיע.

## 4. די פּאַלאַטעס.

דער פּאַרלאַמענט בעשטעהט פון 1) אַ דעפּוטאַטען־פּאַ־
לאַטע און 2) אַ העררן־פּאַלאַטע. וואַהל־רעכט אין דעפּו־
טאַטען־פּאַלאַטע האָט יעדער יאַפּאַנישער בירגער, ניט אינגער
פון 25 יאָהר, וועלכער וואָהנט אין איין אָרט אָדער אין איין געגענד
ניט ווייניגער פון אַ יאָהר צייט און צאָהלט אַלע יאָהר ניט ווייניגער
פון 5 יען (5 פראַנק) דירעקטע פּאָדאַטקעס. אויסגעקליבען קען ווערען
נאָר אַזאַ יאַפּאַנער, וואָס איז ניט אינגער פון 25 יאָהר. די וואַהלען
זענען שריפטליכע, אָפענע. אויף די זיצונגען פון דער פּאַלאַטע דאַרף
זיין ניט ווייניגער ווי $^2/_3$ פון אַלע מיטגליעדער.
די העררן־פּאַלאַטע בעשטעהט פון מיטגליעדער פון דער
קייזערליכער פאַמיליע, פאָרשטעהער פון דעם העכערען אַדעל און
אַזוינע מיטגליעדער, וואָס ווערען בעשטימט פונ׳ם קייזער.

## 5. די קאָמפּעטענץ פון די פּאַלאַטעס.

יעדע פּאַלאַטע האָט דאָס רעכט פון געזעצגעבענדער איניציַ־
אַטיווע. אָהן דעם הסכם פון די פּאַלאַטעס טאָר מען ניט ניט אַרויס־
לעגען אויף די בירגער קיינע אָבצאָהלונגען, ניט מאַכען קיינע הלוואות.
די פּאַלאַטעס בעשטימען יעדעס יאָהר דעם בודזשעט, וועלכער מוז
צוערשט צוגעשטעלט ווערען אין דער דעפּוטאַטען־פּאַלאַטע.
די פּאַלאַטעס קענען אַנפרעגען (אינטערפּעלירען) די מיניסטאָ־
רען וועגען די מעשים פון דער אַדמיניסטראַציע. זיי קענען דערלאַנ־
גען אַדרעסען דעם קייזער און צונעהמען פּעטיציעס פון די בירגער.

## 6. דער מיניסטאָרען-קאַבינעט.

די מיניסטאָרען זענען פֿעראַנטוואָרטליך נאָר פֿאַר'ן קייזער. עס עקזיסטירט אַ פּריוואַטער ראַט, וועלכער קלערט אַרום די וויכטיגסטע פֿראַגען, וועלכע דער קייזער ווייזט איהם אָן.

## 7. פֿינאַנסען, אַרמעע, פּאָליציי און זאָ ווייטער.

דער פּאַרלאַמענט קען ניט פֿערקלענערן די ציוויל-ליסטע פֿוּנ'ם קייזער'ס משפחה. דאָס מיניסטעריום קען פֿאָדערן ביי די פּאַלאַטעס, זיי זאָלען בעשטימען דעם בּיודזשעט מיט אַ מאָל אויף עטליכע יאָהר. דאָס מיניסטעריום שאַפֿט אַליין פֿריי איבער די פֿינאַנסען, אויב מען קען בשום אופֿן ניט צוזאַמענרופֿען די פּאַלאַטעס (אין דער צייט פֿון מלחמה אָדער אַ רעוואָלוציע). אויב די פּאַלאַטעס האָבען דעם בּיוד-זשעט ניט אָנגענומען, האַלט זיך דאָס מיניסטעריום פֿאַר דעם פֿאַר-אַ-יאָהריגען בּיודזשעט.



# רעגיסטער צום פיזרגלײַכזן.

**דער פּאַרלאַמענט בעשטעהט פון אײן פּאַלאַטע:** אין סערביען און גריכענלאַנד. אין נאָרװעגען װערט אויסגעקליבען אײן פּאַלאַטע, װעלכע טײלט זיך נאָך דעם אויף צװײ.

**דער פּאַרלאַמענט בעשטעהט פון צװײ פּאַלאַטעס:** אין ענגלאַנד, אויסטראַליען, דײַטשלאַנד, פּרײַסען, עסטרײַך, אונגאַרן, בעלגיען, האָלאַנד, שװעדען, נאָרװעגען, דענעמאַרק, פראַנקרײַך, שװײץ, איטאַליען, שפּאַניען, פּאָרטוגאַל, רומעניען, פעראײניגטע שטאַטען פון צפון־אַמעריקע און יאַפּאַן.

**די װאַהלען אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע זענען אַלגעמײנע און גלײַכע:** אין אויסטראַליען, דײַטשלאַנד, בעלגיען (ניט קײן גלײַכע), נאָרװעגען, דענעמאַרק, פראַנקרײַך, שװײץ, שפּאַניען (ניט קײן גלײַכע), גריכענלאַנד, און די פעראײניגטע שטאַטען פון צפון־אַמעריקע.

**די װאַהלען אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע קומען פאָר אויפ'ן גרונד פון אַ צענז (פערמעגען אָדער בילדונג):** אין ענגלאַנד, האָלאַנד, שװעדען, אונגאַרן, איטאַליען, פּאָרטוגאַל, סערביען און יאַפּאַן.

**די װאַהלען אין דער אונטערשטער פּאַלאַטע קומען פאָר לויט די קוריעס:** אין פּרײַסען, עסטרײַך און רומעניען.

**די אויבערשטע פּאַלאַטע איז אַני־אויסגעקליבענע פון דער בעפעלקערונג:** אין אויסטראַליען (אַלג. װאַהלען), רומעניען (צענז־װאַהלען), און נאָרװעגען (אַ טײל פון דער אונטערשטער פּאַלאַטע).

**די אויבערשטע פּאַלאַטע װערט אויסגעקליבען פון די אײנריכטונגען פון אָרטיגער זעלבסט־פערװאַלטונג:** אין האָלאַנד, שװעדען, פראַנקרײַך.

**די אויבערשטע פּאַלאַטע װערט אויסגעקליבען צום טײל פון דער בעפעלקערונג, צום טײל פון**

די וועלבסטפערוואלטונגס־איינריכטונגען: אין בעלגיען.

די אויבערשטע פאלאטע בעשטעהט צום טייל פון בעשטימטע, צום טייל פון אויסגעקליבענע דעפוטאטען (פון וועלבסטפערוו.־איינריכט. אָדער פון דער בעפעלקערונג): אין שפאניען, פאָרטוגאל און דענע־מארק.

די אויבערשטע פאלאטע בעשטעהט פון דעפוטא־טען, וועלכע עס שיקען די רעגירונגען פון די בונדעס־מלוכות: אין דייטשלאנד, שווייץ און די פעראייניגטע שטאטען פון צפון־אמעריקע.

די אויבערשטע פאלאטע בעשטעהט פון בירושה׳־דיגע אריסטאָקראטען און פון דעפוטאטען בעשטימטע דורך דעם מאָנארך: אין ענגלאנד, פרייסען, עסטרייך, אונגארן, איטאליען און יאפאן.

די מיניסטאָרען זענען ניט פעראנטוואָרטליך: אין דייטשלאנד, פרייסען, יאפאן.

די מיניסטאָרען זענען פעראנטוואָרטליך פאר גע־ריכט: אין ענגלאנד, עסטרייך, רומעניען.

די מיניסטאָרען זענען פאָליטיש פעראנטוואָרטליך: אין אויסטראליען און איטאליען.

די מיניסטאָרען זענען פעראנטוואָרטליך סיי פאר געריכט, סיי פאָליטיש: אין אונגארן, בעלגיען, האָ־לאנד, שוועדען, נאָרוועגען, דענעמארק, פראנקרייך, שפא־ניען, פאָרטוגאל, סערביען, גריכענלאנד.



# דאס געלד פון פערשיעדענע מלוכות
# אין רובל און קאפיקעס.

(צו פֿערגלײַכען די דיעטען אין דעם צענז).

| | | |
|---|---|---|
| ענגלאנד | 1 פֿונט שטערלינג — | אַנ׳ערך 9 רובל 50 קאָפּ. |
| אויסטראליען | דאָס זעלבע ווי ענגלאַנד. | |
| דייטשלאנד | 1 מארק | 0 רובל 46 |
| פרייסען | דאָס זעלבע ווי דײַטשלאַנד. | |
| עסטרייך | 1 קראָנע | 40 קאָפּ. |
| בעלגיען | 1 פֿראַנק | 37 קאָפּ. |
| האלאנד | 1 גולדען | 77 קאָפּ. |
| שוועדען | 1 ק־אָנע (1 ריקסדאַלער) | 52 קאָפּ |
| נארוועגען | דאָס זעלבע ווי שוועדען. | |
| דענעמארק | דאָס זעלבע ווי שוועדען. | |
| פראנקרייך | 1 פֿראַנק | 37 קאָפּ, |
| שווייץ | דאָס זעלבע ווי פֿראַנקרײַך | |
| איטאליען | 1 לירע (1 פֿראַנק) | 37 קאָפּ. |
| שפאניען | 1 פּעזעטאַ (1 פֿראַנק) | 37 קאָפּ. |
| פארטוגאל | 1 טאָסטאָאָ | 21 קאָפּ. |
| סערביען | 1 דינאַר (1 פֿראַנק) | 37 קאָפּ. |
| רומעניען | 1 לעאַי (1 פראַנק) | 37 קאָפּ. |
| גריכענלאנד | 1 דראַכמאַ (1 פֿראַנק) | 37 קאָפּ. |
| פעראײנ. שטאטען פון צפון־אמעריקע | 1 דאָלאַר | 1 ר. 39 קאָפּ. |
| יאפאן | 1 יען | 96 קאָפּ. |



